# פרייע פערזן

פון

## יעקב גלאטשטיין

1926

ניו יארק, נ. י.
פארלאג גראהאר־סטאראלסקי

# אינהאלט:

## עוועניום



## טריט



## זילבערשרעקן



## קאנוט

# פּאַרק עוועניו

## פּאַרק עוועניו

צו גאָט אויף זיין הימל־טראָן לויב,
צו צעזאַר אויף זיין ערד־טראָן לויב.
צום אייזערנעם פויסט, וואָס האַלט דאָס קליינגעלט פאַר מיין טעגלאַך
ברויט, לויב.

צו דיר, רייכע פּאַרק עוועניו, מיין זוניקע אַנטפּלעקונג.
צו דיר, געפּלאַסטערטער כאַלעם מיינער פון מיין אָרים־רייכן לעבן.
איבערגליק מיינס, מוזיק פאַר מיינע אויגן —
לויב, לויב, לויב.

אונטער די גומענע רעדער פון דיינע שווערע קאַטשעס
ברענען די פליגל פון צייט,
טאַנצן צענדליקער גאַסן געהאַלזט מיט אַ פּיפּס פון אַ זייגער.
פון דיינע שווערע קאַטשעס
קוקט מען דורך די שפּאַקולן פון אַ רעגע פון אַ רעגע
אויף מיין לאַנגזאַמקייט וואָס ווערט פאַרדעקט אין זיילן שטויב
פון דיין אימפּעטיק לעבן.
פון אונטער די גומענע רעדער פון דיינע שווערע קאַטשעס
ראַטעווען זיך קליינע ווערימלאַך מיט פליגעלאַך צו דער זון,
מיט פליגעלאַך צום לעבן.
דיינע שווערע קאַטשעס דריקן און ברענען די שטיינער
אָבער פון צווישן דיינע רעדער און שטיינער
קליגלען זיך אַרויס די ווערימלאַך מיט פליגעלאַך צו דער זון,
מיט פליגעלאַך צום לעבן.

און נעבעכן האָט גאָט ביינאַכט געשפּילט אויף אַ פידל אין קאַרנעגי זאַל
און צעזאַר איז מיט זיינע ווייבער געזעסן אין די פּלושענע לאָזשעס,

# פ אַ ר ק   ע ו ו ע נ י ו

און איך האָב דאָס קליינגעלט פֿאַר מײַן טעגלאַך ברויט געטראָגן צום
קאַרנעגי זאַל
צו הערן ווי גאָט שפּילט פֿאַר צעזאָרן מיט זײַנע ווײַבער.
(אָ, רײַכע פּאַרק עוועניו, מײַן זוניקע אַנטפּלעקונג).
גאָט האָט געשפּילט גאַלאַנט און געטראָגן אַ שוואַרצן פראַק
און צעזאָר האָט זײַן צעפּטער און קרוין פֿאַרביטן אויף אַ שוואַרצן פראַק.
און גאָט האָט זיך פֿאַרנייגט פֿאַר צעזאָרן.

איטאַליע האָט אַרויפֿגעשליידערט צוויי איטאַליענער אויף אַ שיף אַרויף,
אַ הויכן און אַ נידריקן אויף אַ שיף אַרויף,
צום לאַנד פֿון פּאַרק עוועניו מײַן איבערגליק.
(פֿליגעלאַך רײַסן זיך צו דער זון,
פֿליגעלאַך רײַסן זיך צום לעבן).
דער נידריקער איז אַ בלינדער מיט גראָע וואָנסעס און זײַן פּאָנים
אַ פֿאַרגליווערטער געוויין.
און דער הויכער מוז זען פֿאַר צוויי, צוויי אויגן פֿאַר צוויי.
דער נידריקער שפּילט אויף אַ גאַסן־אָרגל און דער הויכער זעט פֿאַר צוויי,
איין פּעני פֿון אַ פֿענסטער אַראָפּגעוואָרפֿן פֿאַר צוויי—
פֿון אַ פֿענסטער פֿון מײַן רײַכער פּאַרק עוועניו.
(נעכטן האָט זיך גאָט אין אַ שוואַרצן פראַק שפּילנדיק פֿאַרנייגט
פֿאַר צעזאָרן).

שווערע קאָטשען מיט די גומענע רעדער, איך באַשווער אײַך,
צעטרעט ניט די צוויי,
וואָס איינער זעט פֿאַר צוויי,
וואָס איין פּעני גייט פֿאַר צוויי.
זייערע פֿליגעלאַך רײַסן זיך צו דער זון
און צווישן ראָד און שטיין רײַסן זיי זיך צום לעבן.

# אינצידענטן

## אינצידענטן

אינצידענטן אין לעבן קאָנען ניט שטירצן דאָס לעבן.
זיי זענען בלויז די פליגן, וואָס באַפאַלן אַ ריזיק־האַרעפּאַשנע פערד
אין אַ זומערדיקן טאָג.
און סיי ווען זייער קאָליר איז שוואַרץ,
און סיי ווען זייער קאָליר איז רויט,
וועט אַלץ דאָס לעבן לעבן
און זיי איבערלעבן.
אויף דעם עק פון פערד קאָנען געמיינדעם פליגן
זיך ווערן, נערן און מערן,
און זייער ווערן, נערן און מערן
איז צו זיי אַ לעבן לאַנג,
און מער ניט ווי אַ מיעסע רעגע אין דעם לעבן פון דעם פערד.

אינצידענטן אין לעבן זענען די בלינדע ערד־ווערים,
וואָס גראָבן דורך די בוישעכדיקע וועגן פון דעם גרויסן בויך־
גראָבן און באַגראָבן זיך אַליין אין גרויסן בויך.

# איוב אין ניו יאָרק

## איוב אין ניו יאָרק

גאָט האָט אים צוגענומען זיינע שאָף און זיינע רינדער,
זיינע אייזלען און זיינע קינדער.
אין דער שטאָט ניו יאָרק זיצט ער אַ בלינדער
מיט אַ קופּערנער טאָץ אין דער האַנט.
אין רויש פון שטאָט ניו יאָרק ווער וועט דערקענען איוב׳ן.

וואָס טראַכט דער בלינדער איוב מיט דער טאָץ אין האַנט
ווען ס׳דערכאַפּט זיין אויער דעם קלאַנג פון זיין קופּערנער טרייסט ?
איוב איז אַ כיטרער יונג און שאַרט אריין די מאַטבייעס צו זיך
אין קעשענע,
און לאָזט בלויז וויינען צוויי אָדער דריי צו אונזערע אויגן :
טרייסט אונז, טרייסטנדיקע פריינט מיינע, ניט מיט ווערטער.
ניטאָ קיין געדולד צו הערן אייער רעטאָרישע טרייסט.
און כאָטש כ׳האָב דעם טאָג פון מיין געבורט פאַרשאָלטן,
וויינען מיינע פיינען ביז צום ראַנד פון מיין קייווער,
ביז צום ראַנד פון מיין קייווער טרייסט אונז מיט קופּערנער טרייסט.
וואָס נאָך טראַכט דער בלינדער איוב מיט דער טאָץ אין האַנט,
ווען ס׳דערהערן זיינע זעענדיקע אויערן די טריט פון דעם גלייכגילטיקן
פאַרבייגייער ?
געדולדיק וועל איך זאַמלען קופּער צו קופּער און איינקויפן אַ גאַסן־אָרגל
און באַפּלאַסטערן אייערע גאַסן מיט זיסלאַכע אומעט־טענער,
און אויפהענגען אַ שילד — איך בין בלינד.
ווי וואָר איך לעב, איך בין בלינד.
אָן קינד, אָן הויזגעזינד.
אליפז, דו פון טיימאָן, און בלדד, דו שוכי,
טרייכט מיך מיט אייער קופּערנער טרייסט.

# טעג

## טעג

ווייגען די פארשעמטע וואכן־טעג און זאגן:
ס'האט די גאס אנגעהאנגען קאלירטע סטענגעס און אויסגעצוואגן
עטלאכע פון אונזערע לייבלאכע און זיי אנגערופן יאנטויווים,
דערפאר וואס איין מאכנע האט געשלאגן די אנדערע
אין יענע מאזלדיקע טעג.
און מיר וואס האבן פרידלאך זיך געריסן
פון דעם לואף פון דער וועלט,
מיר וואס האבן שטיל אויסגעזונגען אונזערע רואיקע פיר־און־צוואנציק
שא,
מיר וואס האבן באגליקזעליקט די וועלט מיט דער רו פון גארניט געשען,
שטייען פארוואָרלאָזט און גרא
און ס'רירט אונז גראב אז די סאזשע פון יעדן שווארצן ארבעטארער,
וואס וואשט זיינע הענט אין די טעג מיט די קאלירטע סטענגעס בלויז
דערפאר,
וואס ס'איז זיין עלטער־זיידע דער נאר
געפאלן אין די מאכנעס וואס האבן געשלאגן איינע די אנדערע.

ווייגען די פארשעמטע וואכן־טעג און בעטן:
איר וואס ווייסט אז אייער יאנטעוו וועט קיינמאל ניט קומען,
פייערט אונזערע גרא שאען
מיט גארניט טאן.

# דאָס ליד פון יונגן לעבן

## דאָס ליד פון יונגן לעבן

און דו, יונג, מיט די שפּאַרבער־אויגן,
וואָס קאָנען דורכבויערן אײַזערנע מויערן.
אויף דער שמאָלער בריק, וואו ס׳טרעפן זיך
די נאַכט וואָס גייט,
דער טאָג וואָס קומט, —
שטעל זיך אויך אוועק,
און מיט דער גאַנצער פרימאָרגן־לויטערקייט פון דײַן קאָל
זינג דאָס ליד פון יונגן לעבן.
זינג דײַן הימן צום יונגן לעבן.
זע, דו יונג, ווי ס׳צײַטיקט זיך דאָס לעבן
און גיב אַ טראַכט
צי האָסטו שוין געזען עפּעס אַזוי גרין
ווי דאָס לעבן, וואָס גרינט איצט,
ווי דאָס לעבן, וואָס שפּינט זיך
אין דער דאָזיקער זײַדענער שאָ
פון נאַכט־טאָג,
פון טאָג־נאַכט.
גיב אַ טראַכט, דו יונג,
און זינג דײַן געזאַנג אויפן קלאָרן קאָל
און ברענג צוטראָגן אויף די שטאַנגען פון דײַן געזאַנג
דעם טאָג.

# דער שוסטער, דער פויגל, דער גאָט

## דער שוסטער, דער פויגל, דער גאָט

די פרילינג־זון בלאַנדזשעט ווי אַ ליבע־ליד אין זיין קאָפּ,
ווען די קויטיקע האַנט האַלט דאָס שטילע שוואַרצע שיכל.
דאָס שוואַרצע שיכל האָט אויגן, אַ בלאָנדן קאָפּ און אַ שוואַרצן
זיידענעם זאַק.
ער איז יונג. דער טאָג איז לויטער. די גאַס איז ליכטיק.
דער שמאָלער וואַרשטאַט איז קיל מיט דער שטייניקייט פון דיל,
און די קאַלטע פּוצשטולן גלאַנצן מיט געלן מעש און מאַרמאַרנעם כוויזעק.
ניט אויפן שטויביקן שאַכטל קריכט אום דער וואָרם,
נאָר אין די אָפענע בלאָע אויגן פון יונג וואָס זעען דאָס.
און אין רויטן קאָפּ געלאָסנט זיך אַ געדאַנק,
ווי שענער ס׳וואָלט היינט געפּאַסט שטאָט אַ וואָרם
פאַר אַ פויגל זיך דורכצוהיפּן,
פאַר אַ גאָלדיק־גרינעם פויגל מיט אַ ליבן שנאָבל.
אויף די צווייגיק־גרינע שטאַפּלען פון לייטער וואָס פירן פון וואַרשטאַט
ביז דעם יונגנס גאָט,
קלעטערט דער באַשיידענער פרילינג־געדאַנק און דערקלעטערט
און קלאַמערט זיך מיט ווייסע פּוכקע קינדישע הענטלאַך אַרום דעם האַלז
פון דעם גאָט.
דעם יונגנס גאָט — אַ ליבער אַלטער — קושט דעם געדאַנק און
באַפּרוכפּערט אים.
די ערפּאַרענע ניו יאָרקער לייט וועלן ניט גלייבן
ווי וואָר ס׳האָט דער גוטער יונג געזען דעם גאָלדיק־גרינעם פויגל
קלייבן ברעקלאַך ווייס־איך־וואָס מיט זיין ליבן שנאָבל פון דעם
שטיינערנעם דיל.
אין יונגנס האַרץ איז געוואַקסן אַ נאַכעס און די אויגן האָבן זיך געפייכט.
ס׳האָט ניט סינבאַד דער גלויביקער מיט זיין האַנט אַ וויש געטאָן דאָס
ווינש־פינגערל.
אין שמאָלן וואַרשטאַט האָט אַ קויטיקע האַנט געגלעט, געהאָלזט
אַ שטיל שוואַרץ שיכל.

# האַרלעם: זונטיק

## האַרלעם: זונטיק

וואָס ווייסן שוואַרצע ווענט פון גאַנג פון די טעג?
וואָס ווייסן פינסטערע ווענט פון וואָך און פון רו?
זיי ווייסן, זיי ווייסן ווי איך און ווי דו.
דער וואָכיקער שפּאַן האַלט מויערן פאַרקנעכט
און בייטשט זיי מיט אומרו פון וואָכיקער לאַסט.
די זונטיקדיקע זון איז אַ גילדענע קרוין
פאַר געדולדיקע מויערן אַ טרייסט און אַ לוין.
גילדענע מויערן אין דרימל פון רו,
פאַרוויגט פון דעם זונטיק ווי איך און ווי דו.
עס שאַלט דער מאָרגן־האָרן מיט פאַרביקער פרייד,
דורך טירן, דורך פענסטער אַ פאַרשפּעטיקטן פרי,
און פריילאַך באַגריסן אַ האַרלעמער בוים
צוויי פאַרבלאָנדזשעטע פייגל אויף פויגליש:
גוט זונטיק, גוט זונטיק.

די גאַס איז אַ לאַנגע און פרוכטלאָז ווי שטיין,
אין צימערן מעבלירטע וואָגלט אַ טרוקן געוויין,
פון ניט פאַרהייראַטע יונגען און מיידן.
(דאָ זיינען די איינציקע מאַמעס פון ראָג,
די שטאָלצע, די בייכיקע הינט און די קעץ)
דער עלנט פעדימט אַ וואָך מיט אַ וואָך
און נייט אויס און שטעפּט אויס אַ גראָטעסקן געניי
אַ מיטנדערוואָכיקן מאַנטל פון גרוי
מיט פאַרביקע לאַטעס פון זונטיקס.

# האַרלעם: זונטיק

ערגעץ ביי אַ טייך זיצט אַ פישער פאַרטראַכט,
און ס׳שפיגלען זיך הימל און אויגן אין וואַסער —
לעאָן קוקט אין שויב ווי אין קלאָרסטן וואַסער אריין.
אַמאָל וואויגט דאָס גליק איבער אַ גאָלדענער בריק.
די בריק איז געאיידלט פון שטויבלאַך פון זון,
און אויף איר טרעט ער פאָרכטיק מיט ציטערדיקע טריט,
אין אונטערוועש און באָרוועס הין און צוריק.
צווישן הויז נומער איינס און הויז נומער צוויי
בלויט זיך אַ הענגל־בריק און וויגט זיך אין לופט.
לעאָן האַלט אויסגעשטרעקט אַ שעמעוודיקע האַנט
און צערטלט אַ ברוסט פון קעגנאיבערדיקער וואַנט.

אַמאַליע וואַרפט פון זיך אַרונטער דאָס נאַכט־העמד פון שלאָף.
(אַלע שלאָפן נאָך, נאָר זיין האַרץ איז וואַך.)
געבענטשט! געבענטשט! רוק דעם ראָלעט ניט אַראָפּ;
אין שפיגל זיצט אַן אַלטע קישעף־מאַכערן
וואָס קנייטשט איר לייב, מאַכט ווייך איר ברוסט, מאַכט פעט אירע פיס.
קער זיך אָפּ, אַמאַליע־קרוין, פון שפיגל.
הויז נומער איינס קוקט מיט אַ פייערדיק אויג אויף הויז נומער צוויי.
(אין דיינע יאָרן דאַרף מען צעטרעטן די בושע מיט די פיס)
שפיגל זיך, אַמאַליע־לעב, אין אויג ביי דער שויב.
אַמאַליע שפּאַצירט אַ נאַקעטע אויף דער זונטיקדיקער גילדערנער בריק
פון הויז נומער איינס צו הויז נומער צוויי, הין און צוריק.

זי הייסט ניט אַמאַליע, ער ווייסט ניט ווי זי הייסט.
ער הייסט ניט לעאָן, זי ווייסט ניט ווי ער הייסט.
זאָל זי היינט הייסן אַמאַליע און ער זאָל הייסן לעאָן,
ווי אין די קויטיקע בלעטער פון פאַרביקן ראָמאַן.

די פויגעלאַך האָבן געטרילערט.
עס וואָהר איין דופּטענדער פרימאָרגן.

# האַרלעם: זונטיק

דער שאָפער איז צוגעפאָרן מיט לעאָנען צו אַמאַליעס
טויער,
לעאָן איז אַרויס פון קאָסטבאַרן אויטאָמאָביל און מיט
אײדעלע הענט אָנגעקלאַפּט.
„אַרײַן“! האָט זי אויסגעשריען.

ניט אין קרישטאָל שפּיגלט זיך אַ דורשטיק אויג נאָר אין שויב.
ער גראָבט זיך ווי אַ הונגעריקער האָן אין ערד,
וואָס זוכט און נישטערט אַ ווערימל.
דער מויאַך וועבט.
ער האָט זי אומאַרמט. אַך הימלישעס וועזן!
איז זי געווען נאַקעט? איז אַמאַליע געווען נאַקעט?
נאַקעט! קלאַפּן, האַמערן קלײנע פּולסלאַך אין די שלײפן.

דאָס געשטאַלט פאַרשווינט,
די רו באַמאַנטלט שוואַרצע מויערן,
די זוניקע הענגל־בריק וויגט זיך,
דער טאָג ציט זיך!
דאָס ראָד פון דער שטאָט שטײט שטיל,
די גרויע גאַס איז אַ שלעפעריקער וואַלד.
איבער אים היפּן דערשראָקענע האָזן.
אַמאַליע זיצט און נײט זיך אַ גאַרטל פון פײגנבלעטלאַך.
לעאָן טוט אָן פאַרטראַכט די הויזן.
און ביי אים און ביי איר קלאַפּן, האַמערן
קלײנע פּולסלאַך, ביז צום פּלאַצן אין די שלײפן:
היי — ראַ — טען! היי — ראַ — טען!

זונטיקדיקע רו וואַקסט ווי קריך־פּלאַנץ איבער די מויערן.

# שווייגנדיקע אומרו

## ש ו ו י י ג נ ד י ק ע   א ו מ ר ו

אין די ברייטע אָרעמס פֿון פֿאַרגייענדיקן טאָג
ליגט איינגעוויגט די שטאָט מיט האַלב־אויפֿגעעפֿנטע אויגן.
נאָך שאָטנט זיך אין אירע שוואַרצאַפּלען
בוים און וואַסער, דאַך און מענטש,
פֿענסטער אָנגעצונדענע מיט זון־קאַנדעלאַברעם אין פֿילקאָלירנדיקער בענקשאַפֿט.

די דימענטן אין דער מידער אָזערע שפּילן קעגן דעם רואיקסטן שטיק־הימל,
מיט די פֿאַרשלאָפֿנסטע געזאַנגען פֿון איר קאַלטער געשלעכטלאָזער ליידנשאַפֿט.
די טריט פֿון מענטש, הונט און קינד ווערן שטיל און כּיינעוודיק אויפֿן ווייכן זאַמד,
ווי ס׳איז שטיל און כּיינעוודיק דאָס גליטשן זיך פֿון די שוואַרצע פֿיש,
דורך די וואַסערן פֿון דער אָזערע.
אויף אויסגעשפּרייטע דיוואַנען פֿון שווייגנדיקער אומרו טרעטן זיי,
מענטש און הונט און קינד,
און זינגען שטיל דאָס ליד פֿון שטילן פֿאַרגיין.

# אַ פאַרזיגלטער בריוו

## אַ פאַרזיגלטער בריוו

אין דער רויטער טיר קלאַפּט צערטלאַך אַן דער טויטער בריוונטרעגער.
ס'איז שפּעט ביינאַכט. דאָס מיידל גייט אַראָפּ פון איר געלעגער.
זי נעמט דעם בריוו פון דער שווייגנדיקער האַנט.
דער יאַנטעוו קומט אַלעמאָל שפּעט צו איר אין הויז, אָבער פאַרט ניט אומזיסט געוואַרט.
זי איז איינע אַליין, דאָס נאַכטהעמד קילט איר בלוט,
אָבער ווי גליקלאַך איז זי, וואָס ער האָט ווידער ניט אָפּגענאַרט.
זי האַלט אַזוי אַ ווייל דעם פאַרזיגלטן בריוו
און ליינט אים ניט געעפנט אין איר טויטן־אַרכיוו.
זי ליינט זיך צוריק אין בעט, לעשט אויס דאָס וועקסענע ליכט,
און קוקט אין דער פינסטער, אַן שרעק, אַף זיין געזיכט.

# אָוונטברויט

## אָוונטברויט

אויפֿן טיש אַ פֿריש ברויט, שוואַנגער מיט זעטיקייט.
אַרום טיש שווייגנדיקע געסט —
איך און זי און נאָך אַ זי.
די מײַלער שווייגן, נאָר די הערצער קלאַפּן.
ווי די קליינע גאָלדענע זייגערלאַך, קלאַפּן די הערצער בײַ די געסט.
און לעבן ברויט אַ מעסער אַ שאַרפֿס שווייגט נאָך שווערער פֿון די געסט
און קלאַפּט מיט אַ הערצל נאָך אומרואיקער,
ווי בײַ מיר, בײַ איר און בײַ דער אַנדערער איר.

די טיר איז אָפֿן צו דער זון וואָס גייט אונטער.
אויף דער סטעליע דרעמלען פֿליגן מידע פֿון טאָג
און די שויבן ליכטיקן פֿאַרוואונדערט מיט דערוואַרטונג און שרעק,
שרעק און דערוואַרטונג פֿון אָוונטברויט.

דאָס מעסער און איך האַלטן שטיף איינס דעם אַנדערנס מוירע.
איך פֿאַך אַרום ברויט מיט ציטערדיקע הענט,
און איך טראַכט פֿון מײַן וואַרימער ליבע צו זיי.
פֿון מײַן טויטלאַכער סינע צו זיי.
דאָס מעסער באַלעשט אין מײַן פֿאַרקלאַמערטער האַנט
פֿון שרעק און געפֿאַר פֿון אָוונטברויט.

זי נעמט דאָס מעסער און קוקט אויף מיר און אויף איר:
צוויי טויטע געסט זיצן שטיל אַרום טיש.
און אין האַרץ פֿון זי דאָס מעסערשאַרף זינגט
אַ ליד פֿון געפֿאַר פֿון אָוונטברויט.

# אָוונטברויט

די אַנדערע זי, שפּילט זיך מיט פּלאַטערדיקער פרייד
מיטן שאַרף פון מעסער און געשטאַרבענע רייד;
און איר ליבע צו אונז און איר סינע צו אונז
און איר ליבע צו מיר און איר סינע צו איר
זינגט אַרוים דורך דער צעפּראַלטער טיר
צו דער זון וואָס גייט אונטער, צו דער זון, צו דער זון,
מיט פאַרבענקטע געזאַנגען פון אָוונטברויט.

שויבן פאַרפלייצט מיט קאָליר און געזאַנג.
דאָס מעסער פאַרמאַטערט פון רויטן פאַרלאַנג,
שטיל זיצן אַרום טיש שווייגנדיקע געסט —
איך און זי און נאָך אַ זי.
דאָס מעסער טאַנצט פון מיר צו איר און פון איר צו איר.
און שווייגנדיק עסן מיר פון ליבע און האַס
דאָס אָוונטברויט.

# פ ו ן  ד י ר  צ ו  ד י ר

## פ ו ן  ד י ר  צ ו  ד י ר

שאָען לאַנגע אויף דער בריק פון שוויַגן זענען זיי ביידע געגאַנגען.
ער האָט זי פריער דורכגעקרייצט. —
אַזאַ שטילקייט וועט מער איר פּאָנעם צו אונז ניט אַנטפּלעקן.
ווי לאַנג שוין קוקן מיר איר אין די אויגן.
די שטילקייט האָט אַראָפּגערעדט פון אונזערע געמיטער
מיליאָנען שווערע ווערטער.
זאָלן די פאַרגאַנגענע יאָרן דרימלען אויף דיין גראָען קאָפּ און מיינעם.
צענדליקער יאָרן האָט מיר גענומען צו וואַנדערן
דעם לאַנגן וועג פון דיר צו דיר.
מיין שטילע יונגטלאַכע אומרואיקייט ליגט צווישן איין לייכטורם
און דעם אַנדערן,
אויף דעם לאַנגן טרויעריקן וואַנדער פון דיר צו דיר.
כ׳ברענג דיר עפּשער מער ניט קיין ליבע —
דיין קלוג האַרץ דאַרף עס מער ניט האָבן.
כ׳ברענג דיר אַפילע ניט מיין בענקשאַפט פון יאָרן.
כ׳ברענג דיר בלויז אַ שווערע שטומע סטאַטוע נאָך מיין בענקשאַפט.
קלוג האַרץ, קריץ אַליין דאָרט אויס די ווערטער.

# אַ ב ר י װ

### אַ ב ר י װ

דער שטילער, גוטער פֿרױ,
דער קלוגער, דערפֿאַרענער פֿרױ האָט ער אַזױ געשריבן:
איך צערטל ניט די גלידער פֿון מײַן דערפֿאַרונג.
יעדע נײַע שאָ באַרשט אױס פֿון מיר דעם זײַד־װעב פֿון מײַן געװעזנקײט
כ'האָב מוירע צו װערן אַ בױם מיט אײַנגעקריצטע איניציאַלן פֿון נאַרישע
פֿאַרליבטע.
די קעמערלאַך פֿון מײַן זיקאָרן האָב איך פֿאַרהיט ניט צו װערן אַלטע
בלעטער פֿון אַ פּינקעס,
קעדײ ניט צו װערן אַלטע בלעטער פֿון אַ האָטעל־באַרדעל בוך, מיט
פֿאַרשטױבטע נעמען.
די דערפֿאַרונג, ליבע פֿרױ, װאַקסט, װי קױט אױף דעם מענטשנס זעל,
און ס'איז איר כּאָכמע פֿאַלש, װי די מעדיצינען פֿון אַן אַלטן בוך
רעפֿועס.

אָפּטמאָל פֿײַניק איך זיך אַלײן שפּילעװדיק,
װי ס'פֿײַניקט אַ קינד אַ בידנע זומער־פֿליג.
צוערשט נעם איך שטיפֿעריש און פֿליק בײַ זיך אַלײן די פֿליגעלאַך.
שפּעטער צופּ איך פֿיסל נאָך פֿיסל פֿון זיך אַלײן,
און לאָז זיך איבער אַ קלײנטשיק װערעמל, װאָס פֿױזעט.
װאָרים איז דען ניט דער פֿלי פֿון אָדלער און פֿליג, צוגלײַך פֿלאַך און
װאָרימדיק?

און די אומדערגרײַכבאַרקײט — מײדלשע אַקשאַנעס?

פֿינסטער װיסן פֿון מײַן ביכער־שראַנק —
אָפּגעריבענע אױפֿשריפֿטן אױף אַבעליסקן.

# אַ ברייוו

גראָב־פינסטערע קויל־מאַראָווים,
לייטערם צו וועלכן הימל.
וואָרים וועלכס איז הימלדיקער ?
הימל, אָדער הימל אין בלאַטיקן, שטייענדיקן וואַסער,
מיט גאָלדיק גרינעם מאָך ארום ?
איך בין אין אַכסאַניע פאַר געשעענישן.
די בלעטלאָך פון מיין טאָגבוך פאַרברען איך טאָג נאָך טאָג.
דאָס פייער פאַרצערט די נעמען פון פריינט און סאָנעם צוגלייך
און לאָזט מיך מילד, ווי אַ הירש.
ווייל מיינע שוועלן באַוואַכן ניט די שוואַרצע הינט פון פּרינציפּן,
פּראַל איך ראָש אויף דעם אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג צו מיינע מאָרגנס —
ווערט מיין לעבן אויפגעציליעטע קרעלן פון מאָרגנדיקסטע מאָרגנס.

פּאַשעט בין איך און אומפאַרשטענדלאַכער פון אַ קינד צו זיך אַליין.
כ׳האָב קיין צייט ניט זיך צו פאַרשן,
ווייל אָט קלאַפּט אָן אַ נייער פרישער ווענד.
ביטע קומט אריין.
גייט אַרויס.

# פינפאונדרייסיק

## פינפאונדרייסיק

דיינע פריצייטיק פארוועלקטע פרילינגס קלאָגן אונטער די פלויטן —
35 אין צאָל.
ניט די אַרבעטזאַמע בינען און ניט די קיניגנס האָבן זייער זאַפט געזויגן,
נאָר די פוילע טרוקענע ערס האָבן געלעבט
אויף זייער פאר דער צייט געררייפטער בונטקייט.
האָסט געמיינט :
ביסט געווען דער ווייטער אָפּקיל פון דעם קאַלטן כיארמאָרנעם פאַנטאַן,
פאר אַלע די וואס זענען געקומען אין דיין שעטאָד,
אָבער זיי האָבן דיך אומבאוואוסט פאר דיר
פארשלעפּט אין דעם ראָד אַרום פון זייערע אוואַנטורעס
און געריסן פון דיינע אַקסלען פרילינג נאָך פרילינג.
געריסן פון דיינע פיינע אַקסלען —
35 אין צאָל.

ווי אַן אַלטע געביידע איבער צאַפּלדיקער ערד
קרומט זיך דיין לעבן איבער דיינע גלידער.
מיר איז דערווידער, ווען דו האַלסט מיין האַנט אין דיינער
מיט דיין וועלקן ווען.
אין דעם רויכיקן האַלב-דרימל פון דיין לעצטער נעסט
ברענגט מיך עפּשער ראַכמאָנעס אין דיינע פיר איילן.
(דיינע בריסטן פאַלן און צעפאַלן ניט פון אַ ליבער לאַסט.
ווי דו וואָלסט געוואָלט וואַרימען דיין עלטער מיט מיין יונגן אָטעם!)
ווי טויט-געל דו קוקסט היינט אויס בייַנאַכט,
כ'ציטער אויף ווען כ'טראַכט וועגן דיר אַ טויטער.
אַרום דיין בעט וועלן קלאָגן דיינע פריצייטיק פאַרוועלקטע פרילינגס —
35 אין צאָל.

# נאָכמיטאָג-שטילקייט

## נאָכמיטאג-שטילקייט

זינג מיר אַ קראַנץ פון שטילקייט אַרום מיין קאָפּ.
זאָל גליווערן אין מיר יעדער אָדער וואָס שלאָגט מיט וועלן ווערן.
דו זאַטע נאָכמיטאָג־שטילקייט.
דו מידע קיניגן מיט דעם לאַנגן שלעפּ.
ס׳האָבן קאָפּ־הענער און פלעשער אַלטער וויין
איינגעשלעפערט דיין קיניג ביי זיין מיטאָג־טיש,
דיין קיניג אין זיין לאַנגן גאָלד־געזוימטן שלאָפראָק.
באַלד וועסטו אויך אַריינפאַלן אין דיין טיפער, ווייכער שטול און
דרימלען.

אין די אויבערשטע כאַדאָרים,
אין די אונטערשטע כאַדאָרים,
גייט די דינערשאַפט אויף שפּיצפינגער
און פאַרוויגן מילד דעם פּאַלאַץ אין זאַטן נאָכמיטאָג־דרימל.
דער אומרו פון דעם אַלטן שטיי־זייגער באַפעלט :
שטיל — שטילער.
שטיל — שטילער.
דער קיניג מיט דער קיניגן דרימלען.
דער קיניג מיט דער....

דו זאַטע נאָכמיטאָג־שטילקייט.
דו שלעפעריקע קיניגן מיט דעם לאַנגן שלעפּ.
זינג מיר אַ קראַנץ פון שטילקייט אַרום מיין קאָפּ.

# פון גראָ ביז גראָ

## פ ו ן   ג ר אָ   ב י ז   ג ר אָ

פון גראָ ביז גראָ ליגט די בריק פון זינד.
פון געוויינלאַך ביז געוויינלאַך אומגעוויינלאַכט בלויז די זינד.

דאָס ליכט איז אַלעמענס.
די פינסטערניש בלויז איז מיינע.

וואָס פינסטערער אַלץ מיינער.
קיינער טיילט ניט מיין פינסטער־רייך.
קיינער טיילט ניט מיין בושע פאַר דעם ליכט.
ווי דאָס באַהאַלטענע ליכט איז פינסטערער די זון
ווי די זון איז פינסטערער די לעוואָנע.
ווי די לעוואָנע איז פינסטערער דער לאָמפּ אין מיין הויז.
ווי דער לאָמפּ אין מיין הויז די קרוין פון פינסטערניש אַרום אים.
און דעם פרעכן אויג פון נייגער
שטעלט אַרויס אַ צונג מיין אַראָפּגעלאָזטער גאַרדין.
לעש איך אויס דאָס ליכט אין אַלע מיינע גלידער —
בלויז איין ליכט ברענט.
און אַ קליינטשיק, קליינטשיק פינטעלע באַוואוסטזיין וואָס ברענט,
און די פינסטערניש וואָס ברענט.

אין האַרץ פון פינסטערניש —
בלויז איך און זינד.
בלויז איך און זיך.
בלויז איך און זי.

און פאַר דעם איז געוויינלאַך
און נאָך דעם איז געוויינלאַך.
צווישן געוויינלאַך און געוויינלאַך
אומגעוויינלאַכט בלויז די זינד.

# אַפּאַטיע

## אַפּאַטיע

אַפּאַטיע, מאַמע מיינע, וויקל מיך איין אין דיין וואַרימער שאַל.
כ'בין טויט־מיד פון מיינע הייליקע און אומווירדיקע ווילנס.
קיין איין טריט, קיין איין שפּאַן וויל איך מער ניט מאַכן;
כ'וויל בלויז דערדרימלען מיינע מאָרגנס און איבערמאָרגנס
אַרומגעוויקלט מיט דיין וואַרימער שאַל.

אַפּאַטיע, מאַמע מיינע, טויב אָפּ מיינע אויערן
צום האַסטיק־טעמפּן גערויש פון צייט.
לאָמיך בלויז רויבערן ווייראַך צום גערוך פון געגעץ־טעמפּל
דעם רעשט פון מיינע טעג.
לאָמיך וואַרפן דעם לעצטן ערד־שאָט אויף געוועזן,
און מער, מאַמע מיינע, זאָל גאָר ניט זיין.

אויף אַ לאַנגן שפּיז האָט אַ פּאַרזעעניש מיט קלאָונען־מיצל אויפן קאָפּ
אויף קויל פאַרבראַטן דאָס איינגעווייד פון מיין באַכמע.
צום פרייליכן געקלאַנג פון די גלעקלאַך אויף זיין מיצל,
לאָמיך דרימלען אין דיינע אָרעמס,
אַרומגעוויקלט מיט דיין וואַרימער שאַל,
אַפּאַטיע, געבענטשטע מאַמע מיינע.

# ווי פּלעווע

ווי פּלעווע

זענען געגאַנגען די האַריקע מענער מיט שווערע טריט,
ווי אַלטע פּעטע לאַסט־פערד אין געשפּאַן
און נאָך זיי האָבן געפאָלגט די ווייבער.
ווען ס'האָבן די האַריקע מענער אומגעדרייט זייערע צורעס,
האָבן זיי געזען, אַז דער איינציקער דאַרער מאַן מיט דער בייטש איז ניטאָ,
און אַז די מאַסע זייערע איז אויך פאַרשוואונדן.
עפּשער איז ער געפאַלן אין וועג,
און ווער ווייסט ווי לאַנג זיי גייען שוין, אַזוי די קנעכט פון קיינעם
און די טרעגער פון גאָרנישט.
פאַלט זיי איין:
ס'איז שוין לאַנג וואָס מען האָט זיי ניט געלאָזט צו זייערע ווייבער,
און אַז זיי ווילן די מידיקייט זייערע
מיט דער מידיקייט פון זייערע ווייבער באַהעפטן.
היינט וועלן זיי ניט געבייטשט זיין צו ווערן קליינע געטלאָך און באַשאַפן
נאָר זיי וועלן צעזייען זייער קראַפט ווי פּלעווע.
און אויב דער מאַן מיט דער בייטש איז טאַקע ערגעצוואו געפאַלן
אויף די וועגן,
וועלן זיי שטענדיק שוין צעזייען זייער קראַפט ווי פּלעווע.
כאָטש ס'איז שוין לאַנג, וואָס זיי האָבן אין מויל ניט געהאַט,
האָבן זיי די פעקלאַך ניט אָפּגעבונדן,
נאָר ס'האָבן די האַריקע מענער אין דער פינסטערניש גערופן,
אַלע גלידער זייערע האָבן גערופן.
הויך און זיכער גערופן
די נעמען פון זייערע ווייבער.
און זיי, די ווייבער, האָבן אין דער פינסטערניש אָפּגעענטפערט.

# בעט און האַק

## בעט און האַק

ס׳האָט אַ לעץ געגעבן ראָדריגאָן אַ זעג די גרוים פֿון אַ שפּאַן,
האָט ראָדריגאָ געוואָלט צעזעגן דאָס לעבן.
נאָך שווערע, נאָך אָקסענע יאָרן אין געשפּאַן
האָט ראָדריגאָ אַ טיש, אַ קינד, אַ באַנק, פֿיר ווענט און אַ בעט —
וויל ער דאָרט האָבן זיין ווייב.
(ראָדריגאָ מוז האָבן אַ ווייב).

און אַז ס׳האָט ראָדריגאָ דערזען זיין בעט איז פֿאַרשוועכט,
אַ, שאַרפֿער געדאַנק פֿון בליציקער האַק!
אַ, שטילער געוויין פֿון מאַכטלאָזן קנעכט.

זיין בעט קאָן פֿאַרקויפֿן ראָדריגאָ, אויב ער וויל,
אָבער די האַק האָלט די גרויליקע האַנט פֿון געזעץ,
עפּשער דער זעלביקער לעץ
וואָס האָט ראָדריגאָן געגעבן אַ זעג די גרוים פֿון אַ שפּאַן
צו שטיין און זעגן דאָס לעבן,
וויל מער ניט ראָדריגאָ.

איבער פֿעלדיקע שליאַכן שפּאַנען צוויי קינדער,
איינער אַ פֿאָטער און איינער אַ זון.
ניט קיין מאַדאָנאַ האַלט איצט דעם זון
(אומקלויסטערדיקע וואָרהייט!)
נאָר די האַריקע האַנט פֿון ראָדריגאָן.
אַ, שאַרפֿע געזאַנגען פֿון בעט, האַק און ווייב.
אַ, שטילער פֿאַרלאָשענער סייכל.

# װײַן פון געזאַנג

## װײַן פון געזאַנג

װײַן פון געזאַנג, װײַן פון געדאַנק,
מיט פֿאַרשיקערנדער קרעפּטיקײט.
װײַן, דו שפּילסט אין מיר מיט שטילער רו,
מיט דרימל־קאָלירן פון זון־פֿאַרגאַנג.
און איך האָב ליב די שטילע רו — מיטליערדיקע זעטיקײט.
און איך האָב ליב דאָס גראָז, װאָס שפּראָצט פון דער טױטער טעטיקײט.
אײַל זיך, אײַל זיך, מײַן לאַנגזאַמע לױב.
נעפּין אין טױבנשלאַג די שטילסטע טױב.
פֿאַרהײַראַט? יאָ. גליקלאַך? זײער.
פּאָר. — פּאָר. — פּאָר. — אַן אײביקײט.
נאָכמיטאָג געזאַנג. נאָכמיטאָג גלי. נאָכמיטאָג גאָלד,
נאָכמיטאָג דרימלענדיקער געדאַנק.
האָסטו, טױב, ליב דײַן װײַב?
יאָ, יאָ, יאָ און יאָ, יאָ, יאָ.
און איך האָב ליב, און איך האָב ליב
מײַן װײַב אין מיר, מײַן װײַב אין איר
און מײַן אײגענעם טױבנשלאַג,
כ'האָב אױך ליב די שעמעװדיקע טיר װאָס פֿירט צו דיר,
צו דײַן שטילן טױבנשלאַג.
איז מײַן װײַב בײַ דיר? איז מײַן װײַב בײַ מיר?
זוך — זוך — זוך — אַן אײביקײט.
אין נאָכמיטאָג פֿאַרשיקערטן געדאַנק
שפּילט דער װײַן פון מײַן געזאַנג,
פון שטילער רו, פון טױבנשלאַג.

# ג ע ג י

## ג ע ג י

ווינטער איז וואַרים אין הויז ביי געגי דעם בערנטרייבער
פון בלויזן געררייד פון זיינע פינף ווייבער.
אַ קראַנץ פון וואַרימע ווערטער פלעכטן זיי
אַרום זיין שווערן גוף.
און ס׳איז אים גוט און ער דערציילט מייסעס פון וואַלד
מיט אַ האַרציקן געלעכטער.
שפּעטער הויבן זיי אָן צו פּלאַפּלען מיט קינדישער אומאָרדנונג,
ווי פינף שלעפעריקע לאָרעלייען.
זיי קרייזלען זיינע האָר און וואַרפן אים אַריין אין אַ טיפן ברונעם פון דרימל.
אַז ס׳קומט דער זומער פאַרלאָזן אים זיינע ווייבער.
מיילן ווייט פון אים שטייען זיי מיט פאַרשאַרצטע קליידלאַך,
און באָרוויסע פיס אין וואַסער.
זיי וואַשן פרעמד גרעט.
ווערט ער פויל און זיצט אַרום הויז גאַנצע טעג און דרימלט.
זיי דאָרט איז קיל.
ס׳פּלעסקעט דאָס וואַסער דורך זייערע באָרוויסע פיס.
און אים איז הייס.
די פינף רעדן פון אים ווי פון אַ גוטן פעטער,
אָבער בענקען ניט נאָך אים.
אַז ס׳קומט די נאַכט קושן זיי זיך איינס דאָס אַנדערע די לייבער
מיט אַ זיסן ווייטיק.
אים איז אויך גוט.
שפּעט־האַרבסט וועלן זיי צוריק קומען
מיט פּעקלאַך שפּייז אויף די פּלייצעס,
נייע קליידלאַך מיט געלט אין די קעשענעס.
איז אים גוט צו דרימלען און צו וואַרטן.

# ט ר י ט

ט ר י ט

די שטילקייט פון מיין לעבן האָט אָנגעטראָפן דיינס.
און אויב ס'וואָלט מיינס אַ יאָר געטרויערט אין אַ באַזונדער ביידער
און דיינס אין אַ באַזונדער —
האָבן זיי זיך דאָסמאָל באַהעפט און געטרויערט צוזאַמען.
דער פיין פון פיין איז אָפטמאָל אונזער גליק געווען
און די נעשאָמע פון גליק אונזער טרויער.
כאָטש ס'גייען איצט אונזערע יאָרן דורך באַזונדערע הינטערגעסלאַך,
הילכן אָבער זייערע טריט צוזאַמען דורך דעם רעשט פון אונזער לעבן.

# פאַרגיין

## פאַרגיין

די קיהלע שאָ פון פאַרגיין גלעט די זאַפטיק־גרינע פרייד
ווי ס׳גלעט אַ גראָע קלוגע דאַמע איר יונגן בלאָנדן זון
מיט אירע גלאָסענע, מעיושעוודיקע רייד.

און אַז מען גייט אַנטקעגן יענער שאָ
לויכטן אויף די אויגן מיט דעם גאָלדיק־רייפן סאָד
פון אַ גאָט.

און אַז מען גייט אַנטקעגן יענער שאָ
ווערט קלאָר דער קלוגער טיפער מיין
פון אייביקן ניט־זיין.

און אין יעדנס האַרץ, וואָס גייט אַנטקעגן יענער שאָ
קלאַמערט זיך אַ בלינדער דינער געוויין,
אין דער שטילער, שטילער,
קיהלער שאָ פון פאַרגיין.

# דאָס געוויין פון דינאַסטיעס

## דאָס געוויין פון דינאַסטיעס

די איינזאַמע סטעזשקעס פון שוואַרצע אייביקע וועגן
וויינען מיט זייער אייגענעם געוויין צו די טויבע אויערן
פון פינסטערע נעכט, וואָס האַלטן וואַך
איבער זייער גרענעץ פון גרענעצלאָזיקייט.
די נעכט טראָגן ניט קיין טרייסט פאַר זיי.
מיט צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּן האַלטן זיי אַקשאַנעסדיק דעם צוזאָג
פון טויב־בלינדן וואַכן.
ווי די טויב־בלינדע זעלנער, וואָס שטאַרען דער געפאַר אין פּאָנעם
מיט גלעזערנע אויסגעלאָשענע אויגן.
דאָ וועקסלען זיך אָפּ די נעכט מיט דאַרע, קורצע טעג,
וואָס היפּן שנעל אָפּ איבער די גראָזן זייער כוויוו
צו דער פאַרשאָלטענער שטאַנדהאַפטיקייט וואָס באַפעלט:
ליכט נאָך פינסטערניש, אַפילו אין טראַכט פון פינסטערניש!

אויף איינזאַמע סטעזשקעס פון שוואַרצע אייביקע וועגן
וויינט דער הויפנאַר און רייסט פון זיך די נאַרן־קליידער,
דער הויפנאַר, וואָס האָט דינאַסטיעס אַמוזירט און דינאַסטיעס
איבערגעלעבט,
און זיך אויף ווייטיק געבליבן לעבן,
צווישן די מאַצייוועס פון די, וואָס האָבן פאַר שטיקלאַך ברויט,
ווי צו אַ הונט געוואָרפענע,
געפאָדערט כאָכמע פון דעם גרויסן קאָפּ זיינעם
אויף דעם קליינעם ליליפּוטן־קערפּער.
האַרן, אור־האַרן און אור־אור־האַרן מיינע.

# דאָס געוויין פון דינאַסטיעס

פאַרוואָס איז מיר באַשערט דאָס פאַרשאָלטענע לעבן
פון אַ קנעכט אין דינסט ביי קנעכט?
פאַרוואָס איז מיר באַשערט מיט דער זעלבער צונג, וואָס האָט אייך
געטריי געדינט,
דינען אייערע דינערס פאַר שטיקלאַך ברויט געוואָרפענע?

מיט דעם געוויין פון איינזאַמע סטעזשקעס וויינען מיט טויטע דינאַ־
סטיעס
אויף דעם געוויין פון כאַכמע, וואָס לעבט זיך אַליין אויף ווייטיק,
מיט דער קלאָלע פון אַ קנעכט צו קנעכט.

# שפּיטאָל

## שפּיטאָל

די קראַנקע רו וויגט זיך ווי אַן אומרו פֿון אַ זייגער,
איבער הייפֿלאַך גלידער מידע פֿון דעם לוואַנע־זון־באַהעלטעניש־שפּיל.
די צייט שפּאַנט פֿויל אין טיפֿע וואַרימע שטעק־שיך,
איבער די שמאָלע קאַרידאָרן פֿון שפּיטאָל.
אויף לאַנגע בענק זיצן די נעמען און וואַרטן
ביז וואַן די פֿוילע צייט וועט זיי אַ רוף טאָן
צו דערקענען זייערע באַלעבאַטים.
און ביים געשטאַרבענעם פֿייער פֿון קיהלע ליכט־לאָמפּן
זשומען פֿליגן אַן אַ קלוגן שפּרוך פֿון לאַנג פֿאַרשטויבטע ביכער.
ערגעץ אין אַ ווינקל הויבט דאָס לעבן דעם קאָפּ ווי אַ דערשראָקן קינד
און באַהאַלט אים צוריק,
ווען די פֿוילע צייט
גיט אַ בייזן קוק
ווי אַן אַלטע מויד.

# ז י ל ב ע ר ש ר ע ק ן

## ז י ל ב ע ר ש ר ע ק ן

מיט ווײַס און בלאָ פון פולער האַנט
קוקט דער הימל אַראָפּ אויפן נאַכטיקן וואַלד,
און אָפּגעריסן שטיק וועלט׳ס־מוירע שווידערט דאָ
שרעקן מיט זילבערנע הענט.
ס׳בליצן און צוקן און לויכטן פאַרהווילענע, פינקלענדיקע פינסטערנישן
פאַר דעם אַלטן באַלעגאַלעס אויגן.
די פערד זײַנע זעען מיליאָנען אויגן און ווײַסע שאַרפע צײַן אויף
יעדן טראָט.
ער זעט אַ נאַקעטן יונגן גאַזלען מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט.
דער אַלטער קאָפּ צווײַפלט די אַלטע אויגן.
ער פּיפּקעט פולע מוילן רויך דעם פורכט זײַנעם אין פּאַנים אַרײַן.
אָבער האַרט בײַ אַ בוים שטייט פאַרט אַ יונגער גאַזלען אַדאַם־נאַקעט.
און זינגט :
ווײַסער, גרויער, אַלטער, אַלטער, דײַן לעבן אָדער דײַן געלט.
דער אַלטער שטעלט אָפּ די פערד און הערט זיך אײַן
אין שיינעם געזאַנג פון יונגן, נאַקעטן גאַזלען.
אין די זומפּן זינגען די זשאַבעס. ס׳רופן די גרילן.
דער שיינער יונגער גאַזלען קושט פון אים דאָס לעבן אַרויס
מיט זײַן טרויעריקן געזאַנג.
און וואָלט ער געהאַט געלט, וואָלט ער עס אַ שלײַדער געטאָן דעם
שיינעם יונג
זילבערנע מאַטבייע נאָך זילבערנער.
ער האָט ניט און ס׳אַרט אים ניט.
ער קען אַזוי שטיין און פּיפּקען און הערן,

# זילבערשרעקן

ווי ס'זינגט דער יונגער נאקעטער גאזלען זיין טרויעריק ליד פון מארד:
וויסער, גרויער, אלטער, אלטער. דיין לעבן אדער דיין געלט.
דער יונג האט פארשטאנען מיסטאמע, אז ער האט ניט קיין געלט.
א שאד, ער איז פארשוואונדן.
די פערד טרעטן לאנגזאם.
ס'רירן זיך שטילקייטן פון אונטער פערדישע טריט.
דער באלעגאלע פעדעמט געדאנקען וועגן לעבן. וועגן טויט.
און דער אלטער קאפ טרויעט ניט די מידע אויגן.
א יונגער גאזלען. נאקעט. זאל זינגען. ניין, עס קען ניט זיין.
שמייכלט דער אלטער צו זיך.
זשאבעס רופן אין די זומפן.
שטיבלאך צינדן זיך פונוויטנס.

# אויגנבליק

## אויגנבליק

די פּעטע טויזנט־יעריקע דעמבעס
וואָס שטרעקן זייער אַלטקייט צום הימל,
טראָגן יעדע פון זיי אין איינציקן וואָרם — זייער זיכערן טויט.
אַ וואָרם בלייבט אַ וואָרם און לעבט אַ וואָרמס לעבן
און ער האָפט ניט צו דערלעבן דאָס פאַלן פון דעמב.
אָבער אין האַרץ פון דעמב,
ווען ס׳דערצאַנקט דעם וואָרמס אויגנבליק
און ער הערט נאָך דאָס רוישן פון די בלעטער,
לאַכט ער און ווייסט:
אַז קינדער האָט ער דאָך געלאָזן,
און קינדס־קינדער וועלן זיין.
ווייסט ער:
אַז איינער פון זיי וועט דערענדיקן זיין אויגנבליק,
מיט דעם פאַלן פון דעם טויזנטיעריקן דעמב.

# ל ו ט ע ר  ב אָ ד י

## ל ו ט ע ר  ב אָ ד י

שוואַרצער, צאַרטער אינגלינג מיט דעם שראָם אויפֿן פּאָנעם,
ווי האָט דיר באַדאַרפֿט קליידן דאָס מאַנטל פֿון אַ ראָבין הוד.
יונגער, פֿלינקער רייטער אויף דעם רוקן פֿון דער נאַכט,
ס'האָט דאָס ווילדע בלוט אין דיר דעם טויט פֿאַרלאַכט.
ס'פֿלעגן מאַמעס זייערע שאָקאָלאַדן־קינדער שרעקן מיט דיין נאָמען.

אונזערע רייכע וואַרט־צימערן האָט ניט באַצירט
דיין דעקאָראַטיוו־גראַציעזע שוואַרצקייט.
האָסט דיינע אויגן שפּיגלען ניט געוואָלט אין אונזערע אָפּגעגלאַנצטע שיך.
דאָס רויטע נאַרן־מיצל פֿון אַ דינער האָסטו געוואָרפֿן אונז אין פּאָנעם.
ווי האָט דיר בעסער באַדאַרפֿט קליידן דאָס כוואַליענדיקע מאַנטל פֿון
אַ ראָבין הוד.

אויף גרויע, שוואַרצע גאָסן ברענען פֿעכענע שטורקאַצן.
אויף האַרטע געלעגערס רוען מידע נעגערס.
רוט דאָס מידע לאַסט־פֿערד פֿון דער ווייסער וועלט.
אַלע היטער טויט, אַלע הינט פֿאַרסאַמט.
דורך דער ווייסער וועלט טראָגט זיך ווי אַ וויכער דער שוואַרצער
ראָבין הוד.

# ה ע ר ב ס ט

## ה ע ר ב ס ט

פייגל זינגען דאָס ליד פון פּריילאַכטרויער.
ווינטן־בויגנס פלאַטערן איבער הערבסטיקע פעלדער.
געוועלדער רויטלען זיך.
בלעטער טויטלען זיך מיט פאַרצערטלטער בענקשאַפט.
ס׳איז שטיל דער רויש און ווערטער־טויש
צווישן קליינע ווערימלאַך וואָס ווינטשן זיך אַ דערלעבט־איבער־אַ־יאָר.
אַן אַלטער פעטער ווארים זיפּצט אָפּ,
און לעקט זיך דעם פליכעוואַטן קאָפּ מיט מויל־הערעלאַך:
איבער אַ יאָר? הע, הע! איבער אַ יאָר.
אַן אַלטער גוי קלעטערט מיט געמאָסטענע טריט,
איבער דער האַרביגקייט פון באַרג.
אין זיינע אויסגעטערערטע אויגן פלעמלט בלוילאַך קינע
אויפן טויט פון פאַרבן — ווי שיין זיי שטאַרבן.
ער הויבט די אויגן צום הימל.
זיינע אויערן פאַרנעמען דעם געפליסטער פון בלום און בלאַט:
— דערלעבט איבער אַ יאָר!
איבער אַ יאָר? הע! הע! איבער אַ יאָר.

# דריי

## דריי

ב. אלקוויטן

דריי גייען אויפֿן וועג און קוקן אויפֿן זונפֿארגאנג.
ביידע און דאָס קאַלב.
מיטן ציגארעטל צווישן די ציינער זאָגט איינער,
ווי אַ קינד צום ערשטן וואונדער:
דער הימל.
שלינגט אַראָפּ רויך, שפּייט און שווייגט.
דער צווייטער קוקט מיט ווייכע בליקן
און עפּעס ווײנט אין אים.
נאָר מיט אויסגעטרערטע אויגן קוקט ער, שפּייט און שווייגט.
דאָס קאַלב קוקט אַרויף און יאָמערט.
דריי טרעטן שטיל אויף זייערע אייגענע שאָטנס
און קוקן אויפֿן זונפֿארגאנג.
און אין אַלע דריי דרימלען ווערטער,
און אַרום אָרט, וואו עס דרימלען ווערטער,
פֿאַרגייען מעלאַנכאָליש דריי זונען.
ביי ביידע און דעם קאַלב.

# א ב י ש ג

## א ב י ש ג

אבישג. קליינע, יונגע, װאַרימע אבישג.
שרײַ אויס אין גאַס אַרײַן, קעניג דוד איז נאָך ניט געשטאָרבן.
נאָר שלאָפן װיל קעניג דוד און מען לאָזט ניט.
אדניהו מיט זײַן באַנדע שרײַען שוין די קרוין אַראָפּ פון מײַן
גראָען קאָפּ.
די פעטע בת־שבע בענטשט מיך מיט אײביק לעבן און היט מײַנע
לעצטע װערטער מיט אַ ביטערן שמײכל.

שלאָף מײַן קעניג. די נאַכט איז שטיל. מיר זענען אַלע דײַנע קנעכט.

אבישג. קליינע דאָרפֿישע אבישג.
װאַרף מײַן קרוין אין גאַס אַרײַן, זאָל זי כאַפּן װער עס װיל.
ס'יאָמערט געשטאָרבענע מאַכט אין יעדן פינגער מײַנעם.
איבער דיר אַליין בלויז הערשט איצט די קעניגלאַכע דערװוידערדיקע
עלטער.
דוד דער קעניג האָט אַלע זײַנע דינער פאַרלאָרן. מיט איין דינסט
פאַרבליבן.

דרימל מײַן קעניג. די נאַכט איז טויט. מיר זענען אַלע דײַנע קנעכט.

אבישג. קליינע, טרויעריקע אבישג.
אַ קלײנטשיק קעצעלע אין שטײג פון אַלטן צײנערלאָזן לײב געװאָרפן.
ס'איז באַשערט מײַן עלטער אויסצוגײן אין שויס פון דײַנע קלאָגנדיקע
יונגע יאָרן.

# א ב י ש ג

מיינע זיגרייכע מילכאָמעם זענען בלויז קאָלוזשעס בלוט אין מיין
זיקאָרן.
און ווי לאַנג ערשט האָבן יונגפרויען באַזונגען מיך אין לידער.

רו מיין קעניג. די נאַכט איז שטיל. מיר זענען אַלע דיינע קנעכט.

אבישג. קליינע, האַרציקע אבישג.
ס'וואָגלט די מוירע אין אַלע מיינע גלידער.
קען מען דורך קאָלוזשעס בלוט צו שטעגן געטלאַכע דערבלאַנדזשען.
ביים שיידוועג, וועלען מיר ביישטיין דען די רואיקע געזאַנגען פון
מיינע פרומע שאָען ?
אבישג, ס'זענען דאָך געזאַנגען וואָרהאַפטיקער פון זינד.

כאַלעם, מיין קעניג. די נאַכט איז טויט. מיר זענען אַלע דיינע קנעכט.

אבישג, קליינע, יונגע וואָרימע אבישג.
שריי אויס אין גאַס אריין, קעניג דוד איז נאָך ניט געשטאָרבן.
נאָר שטאַרבן וויל קעניג דוד און מען לאָזט ניט.
וואַרף אַרויס מיין קרוין — זאָל זי כאַפּן ווער עס וויל.
אדניהו צי שלמה איבערן פאָלק, און איך איבער דיר די לעצטע
טעג מיט מיין דערווידערדיקער עלטער.

שלאָף איין, מיין קעניג, ס'טאָגט שוין באַלד. מיר זענען אַלע דיינע
קנעכט.

# אַ טויטקראַנקער

## אַ טויטקראַנקער

די מינוטן וואָס באַוואַכן טויט־קראַנקע
גייען אָפּ מיט שטילע טריט ווי די ליבע קראַנקען־שוועסטער.
אויף יענער זייט טיר שטייען זיי און שמועסן מיט די ליפּן.
טונקלען און אָוונטן זיך, און ווייסן אַז מאָרגן וועלן זיי ניט דאַרפן
ווידער קומען.
שוואַרצע זיידענע פאָרהאַנגען טיילן אָפּ די לעצטע ברעקלאַך
פון דעם, וואָס איז אים בלויז נאָך באַשערט,
פון אַלץ וואָס איז אַלעמען באַשערט אויף אַ דרויסן אונטער אַ הימל.
זיין דרויסן און זיין הימל גויסעסן אין זיינע אויגן.
און האַלב דרימלענדיק און האַלב שטאַרבנדיק פאַרנעמען זיינע אויערן
די שטילסטע שאָרכן —
דאָס סוידען זיך די מינוטן וואָס באַוואַכן אים,
וואָס ווערן לאַנג און לענגער ווי דינע זיילן רויך.
די רו גליווערט ווי זיין בלוט
און הענגט גלייכגילטיק איבערן צימער ווי שפּינוועבס.

# ז י ל ב ע ר

## ז י ל ב ע ר

א. לעיעלעסן

קיהלע שטראָמען פֿרייד, דו אַריער פֿון מעטאַלן.
יונג־לעוואָנע בענקשאַפֿט פֿון האַרלעקין.
ביסט ס׳עלעקטריש האַריז פֿונם וועלט־מאַנעקין.
דינער נעגליזשע אויף אַלע וואַסער־קוואַלן.

בלוי־און־ווייסער מילך־וועג פֿון מיריאַדן שטערן.
ביסט דאָס ווייסע שווייגן פֿון סטאַטוען.
יונגלינגס אומרו און דאָס גרייזע רוען.
ס׳קאַלטע נאַכט־העמד פֿון די מיידלשע באַגערן.

פֿרומע לוסט פֿון יונג־פֿרוי וואָס געבערט אַ יעזוס
פֿלעמלט זיך אין דיינע שפּיגל־קעלטן.
כ׳וואָלט געלאָזט זיך בויען זילבער־וועלטן,
ווען איך וואָלט פֿאַרמאָגט די אויצרעס פֿון אַ קרעזוס.

מיט פֿאַטאַלער פּראַכט פֿון געטליכן דערגרייכן,
רוסטו פּאָרכטיק איבער נאַכטיק־קאַלטע טייכן.

# ש א ו ל

## ש א ו ל

פלאַטער אויף מיין גוטסקייט, לויכט אויף מיין פאַרנעפּלטע גוטסקייט.
כ׳וועל גיין אין וואַלד אויסשניצן אַ שטאָק און צוריק צום פאָטער׳ס הויז,
פאַלן וועלן אַלע גראַע טמימעסדיקע פאַסטוכער צו דער ערד פאַר מיר:
אונזער קעניג, אונזער אייגענער, געלייטזעליקט זענען מיר פון דיינע לויטערע בליקן.
וועל איך פאַלן צו דער ערד, קושן די שוועלן פון מיין פאָטערס הויז,
און זאָגן: ניט אַזוי מיינע האַרן. וואָר ווי די זון איז עס,
אַז אַן אייגענער בין איך אייך, אַבער ניט אייער קעניג!
ס׳זיצט דאָרט פאַרפּייניקט אַ געזאַלבטע טרויעריקע מאַכט אין קעניג־לאַכע קליידער.
אַבער איך אַליין האָב דאָך געבענטשט יעדעס שטעגעלע צו אייערע געצעלטן
און קיין איין גרעזל אפילע אויפן וועג ניט צעטראָטן.
פלאַטער אויף מיין גוטסקייט, לויכט אויף מיין פאַרנעפּלטע גוטסקייט.

פלאַקער אויף אין מיר מיין שלעכטסקייט, ברויז אויף אין מיר מיין ברעגלאָזע סינע.
נעם אַ שאַרפע האַק און קוילע דיין קלאָגמוטער־ווייב.
האַרגע אוים דיינע ליבסטע קינדער.
טויט דיינע סאָנעם און דיינע פריינט.
טו אוים דיינע קעניגלאַכע קליידער.
צופּ אוים אַ יעדע גראָע האָר פון דיין קאָפּ.
און לאָז זיך אַוועק אויף די וועגן זוכן דיין פאָטערס אייזלען.
צום זעער? ניין, ניט צום זעער.

# שאול

שיינע אידישע יונגע מיידלאַך, וואו וואוינט דער זעער?
רעבטס? וועלן מיינע פיס לויפן לינקס.
לויפט מיט אידישע טעכטער.
רינגלט אַרום דעם וואָס פון אַקסל און העכער איז ער העכער פון יעדן
פון פאָלק.

קיין ווייב, קיין קינד, קיין גראָע האָר אין קאָפּ.
נאָר איין געדאַנק אין קאָפּ — אייזלען אין שטילן געהאָרכזאַמן יאָך.
און אַ האַק אין האַנט.
אַ האַק? ווער האָט מיר געגעבן אַ האַק?
וועמענס איז דאָס בלוט וואָס טריפט?
זינגט אידישע מיידלאַך, ס'טריפט דאָס בלוט פון העלד
וואָס האָט געשלאָגן פון אידישע סאָנעם אין די צענדליקער טויזנטער.
און איך אַליין גיי צוריק צום טאַטנס הויז.
רואיק, שטיל. די אייזלען ניט געפונען.

ניט אַזוי מיינע אייגענע, ניט שטויבט זיך אין דער ערד פאַר מיר.
זייט געגריסט, גרויע בערד, אין ראַז פון זון־פאַרגאַנג.
זון־פאַרגאַנג. ראַז. וויקלט מיך אין רו.
אין ראָזער רו.

# אַ טויט-שאַראַדע

## אַ טויט-שאַראַדע

דער זיידע האָט דערפילט זיין כּויוו צו זיינע אייניקלאַך
און געשטאָרבן.
דעם זיידן האָט צוגעדעקט די ערד.
די אייניקלאַך האָבן דערפילט זייער כּויוו צום זיידן
און זיין טויט באַוויינט.
זיין טויט צו זיי.
זיין טויט צו זיך איז געבליבן אומבאַוויינט,
ווייל דער זיידע איז געווען טויט.

די אייניקלאַך האָבן דערפילט זייער כּויוו צו זייערע אייניקלאַך
און געשטאָרבן.
זיי זענען טויט צו זייערע אייניקלאַך.
טויט צו זיך.
און דעם זיידנס טויט איז טויט צו זיי.
דעם זיידנס טויט איז טויט צו זיי
פון זייער טויט ביז —
דער זיידע איז טויט צו זיך
פון זיין טויט ביז —
ווייל צום טויטסטן איז דער טויט צו זיך אַליין.

# פאַרנאַכטיקער הימל

## פאַרנאַכטיקער הימל

פאַרנאַכטיקער הימל צינדט אין מיינע אויגן
אַ געזאַנג פון קאָלירן.
ס'באַרירן שטילע ווינטלאַך די דינסטע וואואַלן פון מיין געדאַנק.
איינזאַם אויף וועגן פאַרנעמט מיין געמיט
די שטומע רו פון דער טרויעריקער האַנט,
וואָס האָט אויפגעהערט וועבן דאָס לעבן.
ס'דרימלט טייך און גאָט.
בלויז געציילטע מאָך־שטיינדלאַך שושקען שטיל
צום ריטם פון מיין אור־גרינער בענקשאַפט —
ס'מיניען זיך שנעל מיינע פאַרלאַנגען מיט די הימל־קאָלירן.

# דער טויט

## דער טויט

דער טויט איז אַ מעכטיקער נאַפּאָלעאָן
פֿאַרשיקערט פֿון זיינע אייגענע טריאומפֿן.
דעם טויט איז ליב דער ווידערשטאַנד פֿון צאַנקנדיקן לעבן.
אים איז ליב דער געפּעכט-פֿאַרשפּיל פֿאַר זיין זיכערן זיג.
דער טויט איז ניט צעזאָר,
מיד פֿון די ספּעקטאַקלען פֿון זיינע אייגענע ניצחוינעס,
וואָס וויל בלויז קומען, זען און זיגן.
דער טויט איז אַ יונגער ריז,
וואָס האָט האַנאָע פֿון דעם שטרייט און שמייכלט שטרייטנדיק :
ער ווייס וועמענס וועט זיין דער זיג.

# כינעזיש טעאַטער

## כינעזיש טעאַטער

אַרימאַנס ווייב:

אויף דריי צווייגן זיצן דריי פייגל
און ווייסן ניט פון וואָס צו זינגען.
פייגל דריי, פון מיין גורל
זינגט אַ טרויער ליד.
איך בין אַן אַרימאַנס קליינטשיק ווייב,
מיינע טעג פרעסן אויף די הויט פון מיין פּאָנעם.
מיין מאַן עסט פון קליינע טעלער.
מיין מויל האָט נאָך ניט פאַרזוכט קיין קרישקע גליק.
באַלד וועט קומען מיין מאַן מיט ליידיקע קעשענעס
און רעדן צו מיר מיט זיינע מילדע אויגן.
און מיינע ליפּן וועלן פליסטערן:
ס'איז שלעכט צו זיין אַן אַרימאַנס ווייב.
איך וויין.

כאָר:

ס'איז טרויעריק. דריי מאָל טרויעריק — אַן איינזאַמער
בוים אויפן באַרג.

ער האָט ניט מיט וועמען צו לאַכן.
ער האָט ניט מיט וועמען צו שמועסן.

שוויגער:

אַט די דאָזיקע יונגע כצופּע האָט מיט אירע קליינטשיקע הענטלאַך
אַ קייט פאַרוואָרפן איבער מיין זונס האַלדז.
מיט געלעכטער בייטשט זי אים.

# כינעזיש טעאַטער

מיט גוטסקייט טרייבט זי אים
אין מאַרק אַריין.
מיט אַ הייזעריק קאָל לויבט ער זיין סכוירע
און שוואַרצער פון סאַזשע איז זיין פּאַנעם.
און קומט ער איבער דער שוועל מיט ליידיקע קעשענעס,
פּלאָגט זי אים מיט טרערן.
אָרימער זון, שלעכטע שטער.
איך וויין.

כ אָ ר :

ס'איז טרויעריק. דריי מאָל טרויעריק — אַז איינזאַמע קו אין שטאָל
זי האָט ניט מיט וועמען צו לאַכן
זי האָט ניט מיט וועמען צו רעדן.

מ אַ ן :

כ'האָב היינט גאָרניט פאַרדינט.
כ'בין הונגעריק.
כ'האָב אַ וויינענדיקע ליבע פּאָר מיין קליינטשיק ווייב.
איך און זי זענען זייער גליקלאַך.
איך און זי זענען זייער אומגליקלאַך.
דאָס פייער אין הויז איז אויסגעגאַנגען.
ס'איז איצט ווינטער. ס'איז אונז זייער קאַלט.
מיר וועלן זיך לייגן אין בעט אַריין.
אין דער פינסטער וועלן טרויערן אירע פינגער.
איך וויין.

כ אָ ר :

ס'איז טרויעריק. דריי מאָל טרויעריק
דער זומער און דער ווינטער,
דער טאָג און די נאַכט.

ר ייכער מ אַ ן :

איך בין רייך.
כ'האָב שענערע קליידער פון די פאַרביקסטע בלומען.
כ'האָב געזען דעם אָרימאַנס ווייב.

# כינעזיש טעאַטער

און איך זאָג צו איר:
קליינטשיקע, וואָס דאַרפסטו נאָכטראָגן דעם שלעפּ פון דיין מאַנס אָרימקייט.

כ׳וועל נעמען אַ מעסער און אים שטעכן.
מיינע דינער וועלן אים באַגראָבן ביים בלאָען לאַמטערן־ליכט.
און דיר וועל איך געבן צוויי גאָלדענע מאַטבייעס.
כ׳טראָג ריינע זיידענע אונטערוועש.
כ׳וועל צערטלען דיינע קליינע באָרוויסע פיסלאַך.
און קושן די לעפּעלאַך פון דיינע אויערן.
לאָז מיך צו דיר אין בעט.

כאָר:
טאָג, נאַכט. נאַכט, טאָג.
ווינטער, זומער. זומער, ווינטער
טרויעריק, דריי מאָל טרויעריק.

אָרימאַנס פרוי:
ס׳איז מיר שווער מיין געמיט.
מיין מאַנס בלוט האָט געשנירלט רויט
ווי די פלוםפעדערן פון אַ פיש.
שלעכטער מאַן האָסטו אויך זיין נעשאַמע געשטאָכן?
הערסטו אים דען ניט שטיין איבערן בעט און יאָמערן.
קום אַריין צו מיר אין בעט.
ווען ס׳וועט שאַרן אויף טאָג,
וועל איך לויפן צום ריכטער און דערציילן,
אַז דו, שלעכטער מענטש, האָסט מיין מאַן געקוילעט.

כאָר:
פליגעלאַך שווימען אויף דער אויבערפלאַך פון וואַסער.
אַז ס׳קומט די נאַכט, קענען זיי ניט זען זייער אָפּשפיגלונג,
טרויעריק. דריי מאָל טרויעריק.

דאָס געזעץ:
איך בין דאָס געזעץ.
כ׳האָב געהערט אַז דער רייכער מאַן האָט געשטאָכן דעם אָרימאַן

# כינעזיש טעאַטער

און צוגענומען זיין יונג און וואַרים ווייב.
דער אָרימאַן וועט שוין מער ניט זען קיין עפּל צוויט
און קיין זומער רעגנס.
איך, דאָס געזעץ, בין גערעכט אַפילו צו שמוציקע אָרימעלייט.
איצט זאָל מען פּאַסעווען זיין לייב מיט ריטער
און מאָרגן וועט מען אים קעפּן.
ר י י כ ע ר מ אַ ן :
אַז מען וועט מיך קעפּן, וועל איך אויך מער ניט זען קיין עפּל צוויט
און קיין זון אונטערגאַנג.
נאָך מיין ציג וועל איך בענקען.
דעם אָרימאַנס ווייב איז געווען זיס ווי טויבן־פלייש.
און כאָטש דעם טרויער נאָך איר מאַן האָב איך ניט אויסגעקושט,
האָט זי זיך פאַרשעמט ווען איך האָב איר געזאָגט,
אַז איר נאַכט־העמד איז ווי אומרואיקער יאַם־שוים.
מער וועל איך גאָרניט רעדן.
כ אָ ר :
מאָרד. יענעמס ווייב. אָרים. רייך.
טויזנטיאָריקע שלייערס אַרום דער לעוואָנע.
ווען אַ קו רעוועט אין דער נאַכט אַריין נאָך איר קאַלב.
טרויעריק. דריי מאָל טרויעריק.
ר י י כ ן מ אַ נ ס מ אַ מ ע :
ליבער זון, כ׳וועל אָנצינדן רויטע ליכטלאַך באַ דיינע פיס און וואַרטן,
איידער די האָר פון דיין קאָפּ וועלן באַרשטן די שוואַרצע ערד.
רעד צו מיר.
דיינע וואונדן רעדן צו מיר.
דיינע אויגן רעדן צו מיר.
אָבער ניט דיין מויל.
ווילסט ניט רעדן הויך, זון מיינער.
זאָל זיך שטיל קנוילן ווי אַ רויך דיין לעצט וואָרט צו מיר.
כ׳וועל זיצן טעג און נעכט און שטריקן און וואַרטן.
כ׳האָב מיטגעבראַכט עסן פאַר דיר און פאַר מיר.

# כ י נ ע ז י ש  ט ע אַ ט ע ר

איך און דאָס געזעץ וועלן וואַרטן אויף דיין לעצט וואָרט.
צינד איך רויטע ליכטלאַך באַ דיינע פיס, זון מיינער,
ווי דיינע רויטע פאַרשלאָסענע ליפּן.

כ אָ ר :

מאַמע און זון. זומער און ווינטער. טאָג און נאַכט.
מאָרד און ווייב.
בלעטער רויש אין פינסטערן וואַלד.
וואויל איז דעם וואָס האָט דערזען די לויטערקייט פון טרויער
און געצונדן פריידיקע קנויטן אויפן יאַם פון שטילער ווידערהאָלונג.
פון מיליאַסן יאָרן די ווידערהאָלונג ברענגט פרייד.
ברענגט קינדער, גראָע האָר און רו.
אָבער ווער עס דערזעט ניט דאָס ליכטיקע פּאָנעם פון טרויער !
איז שוין דען געבאָרן געוואָרן דער כאָכעם, וואָס זאָל טרייסט געפינען
פאַר אַז אַלט בלינד פערד.
זיינע טעג זענען טרויעריק. דריי מאָל טרויעריק.

# דאָס געוויין פון די באַגרעבערס

## דאָס געוויין פון די באַגרעבערס

ווײַ איז אונז.
ניט אַקערן דיך קומען מיר, מאַמע פון שעפע.
ניט פון שניט־צייט װעגן זענען מיר אוילע רעגל צו דיר, הייליקע מאַמע.
די לאָפּאַטע איז זינגער איצט איבער דעם אַקער.
מיר גראָבן, גראָבן דיך, שוואַרצע מאַמע.
ווײַ איז אונז.
מיר גראָבן און וויינען.
מיר וויינען און גראָבן.
מיט שוויס אויפן שטערן פאַרדינען מיר אונזער ברויט.
דײַן ברויט, הייליקע מאַמע.
און ניט מיר אַקערן דיך, מאַמע פון שעפע,
נאָר מיר גראָבן, גראָבן דיך, שוואַרצע מאַמע.

# ב ע נ ט ש   מ י ך

## ב ע נ ט ש   מ י ך

בענטש מיך מיט דער כאָכמע פון דיינע שווייגנדיקע ביימער,
מיט דער גרייז־גראָער רו פון דיינע קלוגע ביימער.
בענטש מיך מיט דעם זאָרגלאָזן פלאַפּל פון דיינע קינדישע וואַסערן,
מיט דעם שטיפעריש גנעזאַנג פון דיינע מיידלשע וואַסערן.
ס'פאַרצערט אין מיר מיין אומרו די רו
און די רו פאַרבלאַסט אין מיר מיין ליבע אומרו
און נאָך מער ווי דער בוים בין איך צוגעוואָקסן צו דער ערד.
צו דער ערדישער ערד.
דער ראָזער סאָד פון אומרייפע גלידער,
דער קלוגער באַשייד פון רייפע גלידער :
מיין אומרו און מיין רו.
מיין אומרו וואָס וויל די גרייז־גראָע רו פון דיינע קלוגע ביימער.
מיין רו, וואָס בענקט נאָך דער אומרו פון דיינע מיידלשע וואַסערן.

# קאַנוט

## קאַנוט

ווילדע, מיידלש־אינגלשע צוואַנציקער יאָרן מיינע בלייבט שטיין.
שפּיגלט זיך אין דער לויטערקייט פון מיינע אויגן אַ ווײַלע לענגער.
ווי ליב איר זענט מיר.
ווי די נאָך־ניט־רייפע גלידער פון קינדיש־מיידלשער אומבאַשטימטקייט רייצט איר מיך.
ווי די קליינע שוועסטער, וואָס האָט נאָך ניט קיין בריסט.
מיין מידער בלאָנדער קאָפּ איז עלטער פון אייך אַלע:
און זעט, ער וואָרנט אייך :
האַלט איין אייער לויף באַרג־אַרויף, באַרג־אַרויף —
יעדער טראָט אַרויף איז פאַרפירערישע, גליטשיקע באַרגאַראָפּיקייט.
קליינטשיקע פּיראַטן, זעגלט צו צום ברעג אייערע שיפן, ליידיקט אויס די זעק פון רויב.
די פינקלדיקסטע דימענטן, דאָס הייסטע גאָלד איז אונזערס,
פון מעיושעוודיקסטן קופּער און פאַרבענקטסטן זילבער זענען אונזערע קיילעם
גענוג, איבערגענוג האָבען מיר אויף צו לעבן פאַר דעם רעשט פון אונזערע טעג,

יונג־אַלטער נאַרישער קאַנוט,
טרויעריקער קלוגער קאַנוט.

פאַרגליווערט איז איצט די נאַכט אויף מיינע שויבן אין איין שטיק שוואַרץ,
אַזאַ נאַכט האָט מיכטאָמע געשיקט דעם שוואַרצן שרעק־פויגל צו עדנאַר עלען פּאָ.

# קאַנוט

אָבער מיך שרעקט ניט דער שווערער טונקל.
די ווינקלען פון מײן ענגן צימער זענען ליכטיק מיט דעם ליבן אָטעם
פון דער,
וועמענס דינעם קערפּער פרעמדע פרויען האָבן מיך געלערנט צו בענטשן
שטילערהייט.
כ׳בין אַ יונגער סולטאַן מיט אַ האַרעם פון איינער,
כ׳בין אַ יונגער סולטאַן אין דער רווישיקער אידישער גאַס.
מען האָט מיך נאָך נישט געזאַלבט.
דער גרויס־וויזיר האַנדלט מיט פיש.
מיינע נאָזלעכער האָבן מוירע אים צו לאָזן אַף מיינע שוועלן —
בין איך ליבערשט דער ניט־געזאַלבטער סולטאַן פון דער פישיקער
אידישער גאַס.

גאָטאַמאַ בודאַ בין איך.
פון פאָטערס הויז בין איך אַנטלאָפן
אויף די ברייטע וועגן האָב איך אָנגעטראָפן
די מיליאָסיק־צונגיקע פיין.
מיינע ווייסע גלידער האָט געלעקט די צונג
און איוב׳ס אויסשלאַג האָט באַדעקט מיין לייב.
איינגעקנוילט האָט מיך די צונג און אויסגעשפּיגן אין אַ פרעמד לאַנד
אַ וואַנזיניקן, אַ קרעציקן, וואָס האָט אָנקומען געמוזט צו בעטל־ברויט.
כ׳האָב געוואַנדערט.
מיינע יונגע אויגן איז באַשערט אויך געווען צו זען
די שוואַרצע קאָטשען און פרעגן און קריגן דעם באַשייד.
כ׳האָב געוואַנדערט און געבעטלט, געשנאָרעט און געזאַמלט,
ביז ס׳זיינען ווייס געוואָרן מיינע לונגען מיט שטויב פון אַלטער כאָכמע
אין דעם פריען בלאָ פון מיינע טעג.

אין שטילן צימער איז מיר גוט צו געדענקען איצט דריי־פיר ביכער,
פיר־פינף נעמען פון גוטע פריינט, וועמעס גוטע ווערטער
זענען געפאַנגען אין מיינע אויערן, ווי אין קליינע גאָלדענע שטייגלאַך.

# קאַנוט

וועמעס ליבע ווערטער
זענען ווי בלומען־בלעטלאַך אונטער באַרוויסע פיס.
שטיל. כ׳האָב פאַררינגלט מיין טיר.
כ׳וויל ניט מער דער גרויס־וויזיר זאָל קומען און מיך זאַלבן.
אַ האַלבן לעבן אָפּגעלעבט און ניט געזאַלבט געוואָרן
וועל איך שוין ניט געזאַלבטערהייט דערלעבן מיינע יאָרן.

שטילע נאַכטיקע רו.
פלאַטערסט מיט טויבן־פליגל פון גלויבן אין מיין זעל.
מיט שאַרפער שווערד האָסטו געקעפּט מיין מוירע.
אין גאָרטן דרימלען איצט הויאיק די צווייגן
מיט שטילער ווייזער האָפנונג :
געל איז גאָלד און גאָלד איז רויט
און רויט איז צווייט און צווייט איז געבורט,
און געבורט און טויט איז רויט ווי גאָלד,
ווי פלאַנעטן שטויב,
און ברענט, ווי צייט
און ברענט אין צייט מיט צייט.

מיידלש־ינגלשע צוואַנציקער יאָרן מיינע צעלויפט זיך, בלייבט ניט שטיין.
ווי די קליינע הינדעלאַך צעשפּרייט זיך איבער׳ן פריידיקן גראָז.
איינעם פון די טעג וועל איך זיך דערטראַכטן כאָטש
צום שליסל פון שפּייכלער פון צייט.
אָבער האַלט זיך נאָענט צו מיר.
ווי ליב איר זענט מיר.
מיר דעם יונג־אַלטן, נאַרישן קאַנוט.
דעם טרויעריקן, קלוגן קאַנוט.

# פון...

## פון...

אַ רעגנדל האָט לײמיק געמאַכט דעם לאַנגן װעג,
אַ פײכטע היץ האָט צוגעקלעפּט דאָס העמד צום לײַב.
געבענטשטע אײנזאַמקײט, שטילע אױסראַטערקע פון גאַיװועדיקן זעלבסט,
ניט צום באַרג װאָס שװאַרצט זיך פון װײטנס,
ניט צום פעלד װאָס גראָזט זיך אין טאָל צו דער רעכטער האַנט,
פירן זײנע באָרװעסע טריט —
פאַרשײטע שפּאַציר־װעגן בײדע, די נידער און די הױך.
פּאָטער אין הימל עפן אױף דאָס נידריקסטע טירל פון אײנזאַמקײט
פאַר אַן אומרואיקער זעל.

דער רױשיקער מאַרק האָט אױפגעעפנט דאָס מױל און זיך אײנגעהערט.
די בסאָמים־הענדלער, די שיך־פאַרקױפער, פּי סאָכרים.
שרײענדיקע בעטלער קאַליקעס.
און די װאָס האַנדלען מיט צירונג, און די װאָס פאַרקױפן קיהלע געטראַנקען,
שװאַרצע דינסטן און שטאָלצע האַרינטעס.
אַלטע כאַכאָמים און יונגע פאָרשער
יונגע און מיטליעריקע זױנעס —
אַלע זײנען אַנטשװיגן געװאָרן װען ער האָט גערעדט.
די שטילע געלאַסענע װערטער האָבן אײנגעשלונגען דעם רױש.
מיט װאָס פאַר אַ קװאַד, פּאָטער אין הימל? מיט ליבע?
ס׳גרױסן זיך די פּאַלאַצן איבער די קרומע הײזער.
ס׳שטאָלצירט זײדנצײַיג איבער פראָסטן געװאַנט.
ס׳ברענט רײַכקײט די אָרימקײט מיט גאַיװע.

# פון...

ס׳פלאַקערט די סינע פון אָרים צו רייד.
אוןביידע זענען מעזאַנע: ווייסע בעטן און שמוציקע געלעגערס,
נאַכטיקער שוויים פון קערפּער, טאָגיקער שוויים פון לוסט.
געשליפענער צונג פון מארק.
ווי איין ווייסע שעפּסישע סטאַדע הויערט אַלץ פאַר זיינע אויגן
רוט, קניט, פלאַכט געהאַרכזאַם,
ווען ער רעדט זיינע שטילע געלאַסענע רייד.
מיט וואָס פאַר אַ קויאַד, פאַטער אין הימל? מיט ליבע?

מיט צעגליטע אייזערנע ריטער ווערט דער מארק געבייטשט בייטאָג,
ווי אַ ריזיק לאַסטאייזל טראָגט ער טעמפּ די פילקאַלירנדיקע מאַסע.
די נאַכט בלויז טראָגט רו פאַר אים, פאַר זיינע מידע צעבראַכענע
גלידער,

די קורצע נאַכט.
ס׳צינדן זיך פייערן אין די הייזער.
די פרייד פון מאַן־ווייב, דער זיסער טיינעג פון קינד,
דער וואַרימער טעלער געקעכץ פאַרן אָרימסטן מויל.
בלויז ער, דער מארק, שלאָפט דעם הארטן שלאָף פון אַ שקלאַף אַ יאָסעם,
אָן טרייסט, אָן גוטסקייט, אָן ליבע.
ווער וועט צינדן לאַמטערנעס אין זיינע פינסטערסטע ווינקלען?
ווער וועט ברענגען דעם שאַבעס צו דער וואַכיקסטער וואָך?
האָט ער געשאָנקען דעם מארק אַ זעל?

ס׳טראָגט יעדער טראָפּן וואַסער דערפרישונג און קראַנקהייט.
יעדעס מינדסט גרעזל געגעזונג און סאַם.
דער רעגן אַ בראָכע און נעץ פאַר די ביינער,
די לופט לעבן און פאַרוויסטונג אין אירע פליגל.
ס׳איז דער טיינעג אַ צווייַשאַרפיקע שווערד.
ס׳שניידט איין שאַרף מיט גליק ביז וואַנזין,
און ס׳הויקערט, און קאַרבט, און קאָרטשעט און בויגט
די צווייטע מיט פּריצייטיקער עלטער.

# פון...

ס'ציען זיך הענט צו דער טאָפּלטקייט.
איינגעשניטן ביזן ביין ראַטעווען זיך הענט אויף דער צווייִשאַרפיקייט.
ס'ווינקט די פרוי מיט צוויי־בריסטיקן צוזאָג.
גליק? זינד? טרייסט?
פינסטער. כ'קלאַפּ אָן אין יעדן טויער.
ווער וויל גיין מיט מיר צום טרייסט פון איין?
דעם הונגעריקן ברענג איך זעטיקייט.
דעם דאָרשטיקן א קוואַל.
דעם אומגליקלאַכן אייביק גליק.
ס'עפענען זיך טירן, ס'לויפן מענטשן.
ס'איילן מאַכנעס. ס'יאָגן זיך נייגעריקע.
מען האַפּט. מען גלויבט. מען הערט. מען זעט.
מיט וואָס פאַר א קויאַר, פאַטער אין הימל? מיט ליבע?

ס'ברענען מיליאָנען גיריקע אויגן מיין פאַרמאַכטע האַנט.
מיין פאַרמאַכטע האַנט האַלט פאַר יעדן דריי הונדערט און צען וועלטן
און פינסטער און ענג איז מיר אין מיינע אייגענע פיר איילן.
אין מיין פוסטער האַנט ליגט באַהאַלטן דעם סאַטנס געלעכטער
פאַר א זינדיקער, טרייסטלאָזער, געהאַרכזאַמער מענגע.
ווער בין איך, שאַטנדיקע האָפנונג!
א זינדיק ווערימל קיצלט דעם קאַרק פון א וועלט א גאַנצער
כ'האָב איינגעוויגט די מידע זינדער. זיי שמייכלען פון שלאָף באַרואיקט.
בלויז איך אַליין בין וואַך און די אומרו לעקט באַשטענדיק מיין
נישטיקייט.

מיין נישטיגקייט! אזוי האָב איך אַלעמאָל צו זיך געטיינעט.
מיין נישטיגקייט! האָב איך זיס געשעפּטשעט אין דעם אויער פון
מיין זעל
ביז כ'בין געוואָרן דער שטאָלצסטער אָנעוו פון אַלע מענטשנקינדער.
ביז מיין קאָפּ האָט אָנגעשפּאַרט אין די וואָלקנס.
ביז פאַרשאָטנט האָב איך דעם הימל פאַר די קינדער פון דער ערד.

## פון . . .

הענט שטרעקן זיך צום מיזראַך — מיזראַך בין איך.
הענט ציען זיך צום הימל — הימל בין איך.
הענט בעטן זיך ביי גאָט — בין איך?
הענט בעטן זיך ביי גאָט — נישטיגקייט בין איך.
כ'האָב געמיינט, ס'איז מיין צוקאָפּנס געווען אַ קופּע שטיינער,
ס'האָט דאָס פאָלק דאָרט אויסגעשפּרייט סאַמעטענע קישנס.
כ'האָב געמיינט, כ'האָב זיך דערצערט ביז הויט און ביינער.
אָבער אייטלקייט איז זעטיקער ווי רייך געגרייטע טישן.

# אויף די פּלוינען

## אויף די פּלוינען

הײַנט האָב איך גאָרניט צו זאָגן און גאָרניט צו דערציילן.
כ'האָב יאָ, נאָר איך וויל ניט, כ'דערצייל עס זיך אַליין.
כ'האָב אַ פּאַזש מיט בלאָע אויגן, האָט ער בײַ מיר דעם געזאַנגען־קנויל
פֿאַרפּלאָנטערט. פּלאָנטערט ער, פּלאָנטערט ער, ער פּלאָנטערט
בײַ מיר די זײַדענע פֿעדים פֿון געזאַנג.
אוי, דו פּאַזש מיט בלאָע אויגן.
האָט דער פּאַזש אַ פּאַזשיכע אין אַ קליינטשיק בעטל.
האָט ער ליב די נאַקעטע פֿיסעלאַך פֿון דער פּאַזשיכע צו זען.
גייט ער צו, גייט ער צו, גייט ער צו, ער גייט,
צום בעטעלע מיט פֿאַמעלאַכענע טריט.
(מאַך זיך, פּאַזשיכע, שלאָפֿן, מאַך די אויגן צו).
אויף הויכע בערג, אוי קלעטער איך
ניט הײַנט.
אויף הויכע בערג זאָל קלעטערן
מײַן פֿרײַנט.
גיי אַרויס מײַן האָריקער זון עשו און פֿאַנג אַ געזאַנג.
דער טאַטע האָט ליב געזאַנג.
דער טאַטע האָט פֿאַרשטאָפּט זײַנע אויערן צו יעקבֿ'ס קאָל אין געצעלט.
זאָל ער דאַוונען.
איך און די וועלט זענען צו זינדיק צו ווערן דערלייזט.
האָט עשו שפּאַצירט אויף די פּלוינען פֿון אַ בלאָען מאָרגן,
(אָן זאָרגן ?)
און געטראַכט ניט פֿיל. אַ קליין ביסעלע געטראַכט:
די וועלט איז זינדיק, האָט דער טאַטע געזאָגט.

# אויף די פּלוינען

די וועלט איז זינגענדיק.
האָט רעב עשו געטראַכט פון רעב ישראל בעל שם ?
אָן מוירע פאַר זינד (זינדיק — זינגענדיקע פרייד)
אַך — טי גאָטעניו, כ'דאַוון מיט געזאַנג :
אַלע מיינע ביינער טוען זאָגן :
ווער איז נאָך צווישן געטער, ווי דו, אַ גאָט.
גאָט ! ווער איז נאָך ווי דו.
סאַם פון דאיגעם פאַרשפּרייט זיך ניט איבער מיינע גלידער.
(האָט רעב ישראל בעל שם געטראַכט פון רעב עשו ?)
אויף די פּלוינען פון אַ בלויען מאָרגן איז ער געגאַנגען פאַנגען,
אַך — טי גאָטעניו, פאַנגען אַ געזאַנג.

כ'האָב אייך היינט גאָרניט צו באַנאַכריכטן.
כ'האָב אייך היינט גאָרניט מיטצוטיילן.
אויב ס'וועלן זיין פראַגן, וועל איך אַלץ באַאַנטוואָרטן.

# פ ר י י נ ד ע

## פ ר י י נ ד ע

פריינדע :
איר זענט אַלע געלאָדן קומען צו מיר און באַטראַכטן
די פּאַפּירענע פּורים קרוין,
וואָס ס׳האָט מיר געשאָנקען אַ פריינט מיינער,
אין דעם טאָג פון מיין יאָנטעוו,
און אויך אַ שווארצן שניפּס,
וואָס ס׳האָט פאַר מיר געשטריקט אַן אַלטע מויד
פון אינזל זאַנזיבאַר —
אַ לעזעריין, פריינדע, מיט אירע דינע פאַרגעלטע פינגער,
אַ לעזעריין, פריינדע, וואָס האָט מעזאַנע געוועזן
מיט אַלע מיינע יונגע יאָרן,
(גוטסקייט, גוטסקייט מיינע, צאַם דעם שווארצן הונט פון קאַם)
אַן איינציגע לעזעריין, פריינדע, אויף דעם אינזל זאַנזיבאַר.
איצט שפּאַצירן אַלע מיינע איינזאַמע שאָען געטרייסטע.
איצט שפּאַצירן אַלע מיינע גראָע רעגעם שיקערע פון וואַוילטאָג.
ווייל ס׳האָט אַ פריינט מיינער באַוויליקט מיט זיין גרויסער גענאָד
פאַר מיר אַ פּאַפּירענע פּורים־קרוין
אַלס לוין,
און ווייל ס׳האָט אַן מיר געדאַכט אַ לעזעריין
אויף דעם אינזל זאַנזיבאַר.

און איר, וואָס אייערע קרוינען זענען געגאָסן פון דעם ריינסטן ציין,
און אייערע לעזער זענען טויזנטער און טויזנטער שווייסיקע, שווער פאַרהאַרעוועטע טאַטעס,
(גוטסקייט, גוטסקייט מיינע, צאַם דעם שווארצן הונט פון קאַם)
קומט און פרייט זיך אין מיין טאָג פון גרעסטער פרייד,
איידער ס׳צייכנט אונז אַלעמען אַן די האַנט פון צייט
צו פאַרגעסנהייט.

# דזשאַז פון פאַבריקן-מיסט

## דזשאַז פון פאַבריקן-מיסט

דעם שטערנפאַרשערס טעלעסקאָפּ איז צום הימל געווענדט.
ניט אַהין הויבן זיך מיינע הענט.
כ׳טייטל מיט מיין ווייזפינגער אַראָפּ אויף דער ערד.
אויף דער נאַכטיקער, קויטיקער, נויטיקער ערד.

די גראַם־שטעגן פון ברויט פירן צו נויט,
אָבער ניט פון ברויט־נויט זינג איך מיין ליד.
אָ, יונגער עדלשטאַט, פאַרשווענד אַ טרער דיינע אומזיסט
אויף טאַלענטן־נויט, וואָס דערפירט צו קענדעלאך מיסט.

ס׳קלעטערט דאָס לעבן אַ מעשופּיקן באַרג,
פאַלט און צעברעכט זיך דעם נאַקן און קאַרק.

אויף דער גאָרטנבאַנק דער היימלאָזער שלאָפנדיק זיצט,
דער שטאָט־האָז, דער. וועקזייגער דרימלט נאָך איצט,
ס׳שלאָפט פאַרמאָזאָליעטער טרויער.
ס׳פּאָפט טאַמעוואַטע דער שטאָטגייסט און שנאָרכט,
בלויז ס׳פּאָעטישע אויער איז וואַך און עס האָרכט.
ס׳איז וואַך דאָס פּאָעטישע אויער.

קלאַפּט אָז אין די טירן פון יעדן געצעלט :
געקומען די צייט איבערבויען די וועלט.

ס׳שטאַרבן האַרבסטיקע בלעטער אַ קאָלירדייכן טויט.

# דזשאַז פון פאַבריקן-מיסט

זיי טונקן די וועלדער אין געווירציקן רויט,
זיי צירן די ביימער מיט פלאַמען.
אונטער שמוציקע פלויטן שטאַרבט דער פּאָעט,
ס׳דערווישט אים דער טויט ניט אויפן אייגענעם בעט.
ער גויסעט מיט וויציקע גראַמען.

כ׳האָב געהאַט צוויי ברידער, קאַשערע און פיינע.
איינער האָט געהייסן יעזוס, דער צווייטער ט׳געהייסן היינע.
האָט יעזוס אונז פאַרשאַפט מיט אַ קריסטלאַכער פּאַטריציע.
און היינע האָט געקוילעט יונגעלייטלאַך פון גאַליציע.

פינסטערע נאַכט. מאַמע פון געליבטע און גאַנאַוועס
בויג אַן אַ שטערן, באַלייכט אַ מיסטפּאַס און זע:
דאָס פאַבריק-געמיט האָט דורכן טאָג געוואָרפן
באַנאַנע שאָלאַכץ, אַפּוואַרף, עסן-קרישקעס, האַרבע, מיעסע ווערטער
אין מיסטפּאַס אַריין.
מיד און געלייטערט שלייכט עס אַהיים צום רואיקן ווינקל
צו פלעכטן אַ צווייגיקע ווערג-שטריק פאַר דער וועלט דער אַלטער.
פלאַסטערן אַלעען צו אַ וועלט אַ נייער.
פון די דינסטע שאַרכן פון געמיט שפּינען זיך כאַלוימעס.
מיט אַ טרויעריקן שטילן שמייכל פאַרשטייט עס און פאַרגיט
דער אויסגעצערטער אַלטער קורטעזאַנע —
אַנאַ דאַמיני ניינצנהונדערט פיר און צוואַנציק יאָר.
און ניט פון כויזעק וועבט זיך דאָס נייע ליד,
נאָר פון דינסטע שפּינוועבסדיקע וויבראַציעס.

עלנטער יאַמער פון מיסטפּאַס ביים פאַבריק,
שפּייזסט שטאָט-מייז און טויטע דיכטער
מיט קונדייסעשע שטיק.

# שלאָס פון יאַ

## שלאָס פון יאַ

אויף רייטוועגן נייַן.
דורך קרומע וועגן אויב.
טאָג איך און נאַכטיק אַלע מיינע יאָר.
אַרויף. אַראָפּ.
אַרום. צום.
צום. צום. צום.
שטאָל און שטיינערנעם שלאָס פון יאָ.

אויף מיינע פּילפּאַרביקע רייטוועגן נייַן.
זינגט מיין האַרץ: יאָ. יאָ. יאָ.
ערגעצוואו:
אַרויף. אַראָפּ. אַרום.
קומסטו צום. קומסטו צום.
שטאָל און שטיינערנעם שלאָס פון יאָ.

שרייט דער טורעם מיינער אויף די פּלייצעס:
שלאָס פון יאָ. שלאָס פון יאָ.
ס'האָט אַ דולע מאַלפּע אויף אַ בוים,
אונטער פּלאַמיק־רויטע הימלען,
אויסגעטראַכט דיך, שלאָס פון יאָ.
אומצעשטערבאַרער שלאָס פון יאָ.
שטאָל און שטיינערנער שלאָס פון יאָ.
ביסט ניט שטאָל, ביסט ניט שטיין.
ביסט שפּינוועבס פון אַ כאַלעם.

# שלאָם פון יאָ

ביסט נייז. נייז. נייז.

אויף די רייטוועגן נייז.
אויף די קרומע וועגן אויב.
זינגט מיין הארץ א לויב —
צו דעם וועלן, ווילן, וועלן
דורך ארויף. אראפ. ארום.
קומען צום.
קומען צום.
שטאָל און שטיינערנעם שלאָם פון יא.

# דאָס ליד פון דורכפאַל

## דאָס ליד פון דורכפאַל

דורך גערויש צו שטילקייט.
עפּשער
פון גערויש — שטילקייט.
פון פּינטעלע צו דער ליניע,
פון דער ליניע צום דרייעק,
פון דרייעק צום פּאָליגאָן.
עפּשער צוריקוועגס.
פון וואַנען אָנהויבן שפּינען.
ביז וואַנען.
(מיסטעריעזער קנויל)
מיר די עפּעמערע באַווילן אייביקייט.
מיר די עפּעמערע ווילן וויסן פון וואַנען.
פון גאָרניט עפּעס:
באַשאַפן.
גוט, מיר באַשאַפן אויך.
אָט אזוי באַשאַפן מיר.
אומצופרידנקייט. דורכפאַל.
באַשאַפן מיר אָט אַזוי
אומצופרידנקייט. דורכפאַל.
דורכפאַל.
דורכפאַל.
דורכפאַל.
פון ערד ביז הימל אַ לייטער מיט שטאַפּלען פון דורכפאַל.
מיר קלעטערן אויף דער לייטער.

# צו מײַן צװײיהונדערטיאָריקן געבורטסטאָג

אין די אױבערשטע צימערן טרעט מײַן דינסט
מיט באָרװיסע פּיס אױף מײַנע װאַרימע געדאַנקען.
כ'גײ אַרױף. מײַן דינסט איז געהאַרכזאַם און צערטלאַך מיט שטילער שעמעװודיקײט.
די שטילקײט שמעקט אַרײַן פֿון גאָרטן דורכן פּענסטער.
דעם פּרימאָרגן גריסן מײַנע אײנזאַמע טריט אין גערטנדל.
מײַנע געדאַנקען זענען מיט מײַן ליב װײב און מײַנע שטילע טױבן.
מײַן דינסט זינגט ערגעץ אין גערטנדל.
דאָס זײַד פֿון מײַנע קלײדער גלעט מײַנע באַרואיקטע גלידער.
ס'קומען אָן צװײ שטאָטמענטשן און בעטן אַ נעדאָװע.
כ'גיב זײ אַ גאָלדשטיק.
מײַנע פֿרײַנט קומען װידער מיט זײערע קלוגע רײד.
מיט דער נאָכמיטאָג־זױבערקײט אין זײערע קלײדער.
זײ דערצײלן מײַסעס פֿון לענדער און ביכער.
מיר רײדן װידער פֿון גאָט און סודעס פֿון אײביקײט·
שטילע נאַכט.
די דינסט װאַשט איר לײב מיט שמעקעדיקן בוימל.
מיט לאָמפּ אין האַנט לײַכט איך צו און מאַך לאַנגע שאָטנס אױף די װענט.
ס'איז װאַרעם זאַלבעצװײט אין אײנזאַמקײט.
אין דערפֿרי קומט צוריק מײַן ליב װײב מיט מײַנע שטילע טױבן,
װידער װערן װינקעלאַך פֿול מיט געזאַנג פֿון מײַן ליבע.

ליבע פֿרױ מײַנע, קינדער מײַנע, שעמעװודיקע דינסט מײַנע.
טײַערע פֿרײַנט מײַנע אױף אומצאָליקע בעסאַלמענס.
װאַױלגערוך פֿון גראָז אױף נאָענטע מאַצײװעס.
נאָכמיטאָק רײד פֿון דער גאָטהײט און פֿאַרבאָרגענעם סאָד פֿון װאָרט.
באַשערט איז מיר אָן אײנזאַמע עלטער.
די אַלטע לײַט זײַנען אַלע אינגער פֿון מיר.
און לאַכן פֿון מײַנע פֿאַרשטױבטע װערטער.
פֿון מײַנע קלוגע װערטער.

# צו מיין צווייהונדערטיאָריקן געבורטסטאָג

כאַפּ איך אַ קרענצל קינדער, דערצייל איך זיי שיינע מייסעס.
קריג איך פון זייערע טאַטעס ראַכמאָנעס געלט
צו דערהאַלטן מיינע אַלטע ביינער פון צעפאַלן.
די סטעליע ליגט אויפן קאָפּ אין איינזאַמען קעמערל.
כ׳טראַכט פון גאָט אָן מוירע.